**אין דעם באַנד גייען אַרייַן לידער און פּאָעמעס פון יעקב פרידמאַן, פון די יאָרן 1946—1972, וועלכע זענען בייַ זייַן לעבן נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוך־פאָרעם.**

## אַ תפילה

ווי מײַן באָבע צו מינחה,
איבערן צאינה וראינה,
וועל איך עפענען מײַן האַרץ
פֿאַר דיר מיט געוויין,
באַשעפֿער מײַנער,
וואָס האָסט געטאָן מיך פֿורעמען
פֿון אַ הויפֿן ליים
אין זעקסטן טאָג פֿון באַשאַף.
זע, דערבאַרעמדיקער,
איך שטיי פֿאַר דיר אַליין
ווי אַ בוים אין דער נאַכט.
די פּירות, וואָס האָבן געטאָן שפּראָצן פֿון מיר
זענען צײַטיק געוואָרן,
און איך ברענג זיי פֿאַר דיר;
גאָט, מײַן גאָט,
איך האָב אַלץ געטאָן טון
נאָך דײַן געבאָט:
מײַנע וואָרצלען
האָבן דעם חלק זאַפֿט געזויגן,
וואָס האָסט באַוויליקט פֿאַר זיי אין דער וועלט,
און מײַנע קרוינען — דעם חלק ליכט.
און וואָס האָב איך מערער געקענט?
איך האָב געטאָן טון אַלץ,
וואָס דו האָסט צו אַ דיכטער־בוים געבאָטן...
פֿאַרגיב זשע, האַר, אויב בײַ אַנדערעביימער
זענען די פּירות מערער געראָטן,
זיסער זייער זאַפֿט, און שענער זייער ציר,
און פֿאַרשטויס נישט די פּרוכט,
וואָס איך האָב געטאָן ברענגען פֿאַר דיר...

## הללויה

א
דער וואַלד איז דען אַ וואַלד?
אַ רגע איז ער, צווישן פײַער און פײַער.
אַזוי אויך אונדזער וואָרט — זײַן וואָרע געשטאַלט
איז אַ פידל געבוירן פון פײַער.
דזשין־דזשאַן! דזשין־דזשאַן!
אונדזער אורגעשטאַלט — פײַער, און פלאַם — אונדער שטאַם!
אַהאַ, מיר די ווילדע פײַער־קלעזמער,
אין שטערן־שליטנס יאָגן מיר מיט פײַערדיקע פערד.
דזשין־דזשאַן! דזשין־דזשאַן!
פאַר וואָס דערקענט איר אונדז נישט און אונדזער זמר?
מיר רײַטן אײַערע דעכער פאַרבײַ, וואָס הויערן נידעריק צו דער ערד:
דזשין־דזשאַן! דזשין־דזשאַן! מיר קומען אײַך דערמאָנען: דזשין־דזשין־דזשין־דזשאַן!
אונדזער אורגעשטאַלט — פײַער, און פלאַם — אונדזער שטאַם!
אַהאַ, פאַר וואָס דערהערט איר נישט ווי מוראדיק שיין אונדזערע פײַער־פידלען זינגען?

צי ווייסט איר ווער עס זינגט אין זיי?
דער גרויסער שטערנבער טאַנצט אין זיי,
דער צעשטערנטער מילך־שטראָז לויפט דורך זיי,
גאָטס פלאַקערדיקע טענצערינס מיט גילדענע צימבלען אין די הענט
יובלען אין זיי: דזשין־דזשאַן! דזשין־דזשאַן!
אונדזער אורגעשטאַלט — פײַער, און פלאַם — אונדזער שטאַם!
אַהאַ, פאַר וואָס דערהערט איר נישט ווי מוראדיק שיין אונדזערע פײַער־פידלען זינגען?...

ב
הללויה, הללויה!
דער גילדענער סאָלאָוויי אויפן עפּלבוים
זינגט: הללויה!

איך שווים איבערן טײַך אין אַ שיפל פון פידלהאָלץ.
אַלע כוואַליעס אַרום מיר זינגען:
הללויה!
איך גאַף אויף מײַן שפיגל־בילד אין טײַך, אויסטערליש!
אַ מאַמוט פון פײַער בין איך, אַ רויטפלאַמיקע חיה.
איך שטרעק מײַנע רויטהאָריקע לאַפּעס: אין טאַטנס וואָלקן־גערטנער
שווימט די מאַמע מײַנע צעפלאַקערט אין פורפורנע פליושן.
אירע ברוסטן שמעקן מיט פײַערדיקע בשׂמים... איך טוליע די לעפצן מײַנע,
נעם זיי לעקן און קושן...
און סע פלייצט איר פורפורנע מילך אין מײַנע אינגעווייַדן. און פאַר תענוג
נעם איך שאַלן: הללויה!
הללויה! זינגען און טאַנצן די ליכטיקייטן איבער מיר.
אַ האָרדע פײַער־מיידלעך זענען די ליכטיקייטן איבער מיר.
איך וויקל זיך אין זייערע פלאַקערדיקע האָר...
און מײַנע אברים ווי בראַנדיקע פידלען נעמען שאַלן:
הללויה! הללויה!

## תמימותדיקע ברואים

די תמימותדיקע ברואים האָבן זעערישע אויגן,
זיי וווינען טיר בײַ טיר מיט גאָט.
בײַ נאַכט גייט ער אום אין זייער סאָד
מיט אַ דימענטענעם לאָגל צווישן צווײַגן.

ער בייגט זיך צו די פּירות, גיסט זיי אָן מיט זאַפט,
גלעטעט אויס די קליינע יאַגדע אין די גראָזן.
ווי אַ מאַמע גלעט ער די קעפּ פון הירשן און פון האָזן
און פאַרן שלאָפן גיין זאָגט ער זיי: „אַ גוטע נאַכט".

אויך צו אָדמס קינדער אין די וויגן
באַווײַזט ער זיך אין רחמימדיקער שעה,
מיט אַ טאָרבע ראָזשינקעס און מאַנדלען קומט ער: „אָט בין איך דאָ"
און לאָזט די טשיקאַוועסן אין זייערע וויגן ליגן.

שמייכלען די פּיצלעך ברואים פונעם חלום צאַרט,
און זעען גאָטס קאַרעטע פאַר דער כאַטע,
ער נעמט זיי אין די גוטע הענט ווי אַ טאַטע
און פאָרט מיט זיי שפּאַצירן אין דער נאַכט.

איבער די גרויסע ימים פאָרט מען צו גאָטס לאַנד.
אויף יעדער כוואַליע זיצט אַ מלאך מיט אַ פלויער.
איצט שווימט די שיף אַרײַן דורך אַ גילדענעם טויער
אין סאַמע מיט פון גאָטס שיינעם לאַנד.

די תמימותדיקע ברואים האָבן זעערישע אויגן.
זיי וווינען טיר בײַ טיר מיט גאָט.
דערפאַר פילן זיי זיך היימיש אין גאָטס שטאָט
און קענען אים קוקן היימיש אין די אויגן.

## ליבשאַפּט

מיט גאָלדענע ליפּן קושט די זון
די האָריקע ברוסט פון די גראָזן.
סע טוליען דאָרשטיקע מאָרדעס צום קוואַל —
בורשטיניקע האָזן.

אַ ווילדפּלאַנץ אין פּורפּור־צעבלי
בייגט זיך איבערן אָפּהאַנג אַריבער,
פֿאַרפּלעכט זיך אין די האָר פון זײַן „זי״
און ס׳באַהעפטן זיך די גראָזיקע גלידער.

דער ווינט העלפט זיי מיט ציטערדיקע הענט,
ער העלפט אויך די כוואַליעס פון רוישנדיקע קוואַלן,
מיט קרישטאָליק וואַסערדיקן בלענד
צו צערטלען די ברידערלעך די שטראַלן

וואָס סע שיקט די זון אויף לאָשיקלעך פון הימל־בלוי.
די וואַסער־פייגל קושן זיי און טוען פאַר ליבשאַפט זיי פאַרשלינגען...
דער סאָלאָוויי טרינקט אויס אַ בעכער טוי
און פלאַטערט צו זײַן „זי״ מיט גאַרנדיקן זינגען.

דאָס מענטשן־פּאָר, בײַם ברעג פון קוואַל,
גאַפט אויפן ליבעניש, זויגט עס אײַן אין זכּרון.
דערנאָך טוען זיי אַליין שיכּורע אַ פאַל
אין יונגן בליִענדיקן קאָרן...

## פאַר מײַן הײַזקע

פאַר מײַן הײַזקע שלאָפט דער ברונעם,
שפּיגלט שטערן אין זײַן טיף,
און די שטערן זענען אותיות
פון מײַן ליבסטערס ליבע־בריוו.

שרײַבט מײַן ליבסטע. איך לייען די ווערטער
אין דעם וואַסערס יעדן קנייטש,
און די ביימער ברומען אונטער
און פאַרטײַטשן מיר דעם טײַטש:

אין די נעסטן וויינען פייגל,
און די ליבשאַפט וויינט אין מיר,
אַלע טויבן פון מײַן דעכל
פליִען וואָרקענדיק צו דיר.

זייער שאָטן גלעט דײַן פענצטער,
רירט דײַן פּנים אָן ביַים שויב,
און מײַן האַרץ, אוי, איז מקנא
בלויען שאָטן פון דער טויב.

פאַר מײַן הײַזקע שלאָפט דער ברונעם,
שפּיגלט שטערן אין זײַן טיף,
און די שטערן זענען אותיות
פון מײַן ליבסטערס ליבע־בריוו.

## אין מילגרוים

אַ מאָל אַנטלויף איך פון דער וועלט,
באַהאַלט זיך אין אַ מילגרוים,
אין אָט דעם מיקראָקאָסמאָס וואָס זוניקט אויף מײַן בוים.

גוט איז מיר צו ווערן אַ קליינער מילגרוים־שטערן,
אין אייגענעם שטיל־לעבן, פון זאַפט און דופט, זיך אײַנצוהערן...

און איך שמייכל ווען אָט דעם קליינעם מילגרוים־רוים
נעמט מײַן טעכטערל אין אירע פיצלעך הענט
און ווייסט נישט, אַז איך דער „גרויסער"
ווין צווישן אָט די קליינע ווענט...

יאָ, אַ מאָל אַנטלויף איך פון דער וועלט,
באַהאַלט זיך אין אַ מילגרוים.

## ווערטער

אַ מאָל באַהאַלטן זיך ווערטער ווי שעמעוודיקע כּלות
און שמייכלען צניעותדיק פֿון צווישן די צווײַגן אַפּיר.
איך בין דער חתן, איך וואַרט בײַ דער גרינער גאָרטן־טיר.
מײַן פּלייט שווימט אויף די בלויע טײַכישע כוואַליעס.

— קומט, רוף איך, קומט טאַנצן אויף מײַן גילדענער פּלייט.
גלעטן זיי די צעפּ און לויפֿן דורכן גראָז שטילערהייט,
די צניעותדיקע ווערטער־כּלות...
און איך נעם זיך אין גאָרטן יאָגן נאָך זיי.
קלעטערן זיי אויף די מאַנדלביימער און פֿאַרשיטן מיך מיט מאַנדל־שניי,
די צניעותדיקע ווערטער־כּלות.

שרײַ איך: איר שפּילט מיט מיר, און מײַן פּלייט בלײַבט אָן לידער.
און איך קני וויינענדיק אין טויִקן גראָז אַנידער
פֿאַר די צניעותדיקע ווערטער־כּלות.

באַקומט די ערשטע רחמנות אויף מיר
און טאַנצט פֿון צווישן די צײַטיקע ביימער אַפּיר
און גיסט זיך אין מײַן פּלייט אַרײַן, ווי אַ קוואַל.
טוט די צווייטע איר נאָך און די דריטע... ווערט מײַן פּלייט אַ וואַסערפֿאַל,
אַ וואַסערפֿאַל מיט זינגענדיקע כוואַליעס.

שווים איך אין מײַן ווײַסער שיף און עס פֿלאַטערן אַרום די מעוועס:
דער חתן שווימט, דער חתן שווימט! — זינגען אַלע ווײַסע מעוועס...
און מיר איז גוט־ביז־אויסצוגיין... גוט־אַזוי־אויף־אויסצוגיין,
צווישן מײַנע הכנעהדיקע כּלות...

## אוי, יאַנקעלע קאַנאַריק...

וואָלט איך געוואָרן פּלוצעם אַ פּלאַנעט,
אַ שטראַלן־טענצער אַזאַ אין אוניווערס,
און דערצו נאָך אויפגעהיט מײַן שמעקנדיקן פערז,
דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצײַג פון אַ יידישן פּאָעט —
ווי װוּנדערלעך־פּלאַנעטיש וואָלט מײַן ליד געוואָרן...

מאָלט אײַך אויס: אַ יופּיטער, אַ ווענוס, אַ סאַטורן,
מיט אויערן, אויגן, מיט האַרץ און טעם,
אויף גאָטס פײַער־וואָגן, מיליאַסן יאָרן,
זיי פאָרן און זינגען זייער גראַם.

דער מילך־שטראָז פול געוואָרן וואָלט מיט פערזן־מילך,
וואָס געפלאָסן וואָלט פון אונדזער דיכטער־ברוסט.
דער אין־סוף אַליין וואָלט נישט געוווּסט,
ווו אַהין צו טאָן אַזאַ שלל מיט שירהדיקן הילך...

און מיר? מיר די פּלאַנעטן־קאַנאַריקעס,
אויף וועמען וואָלטן מיר געוואַרט?
אויף הימל־ביימער געזעסן וואָלטן מיר,
און נאָך וואָס וואָלטן מיר געגאַרט?

קען זײַן נאָך אַ פּראָסטן מאַרק, נאָך אַ פּראָסטער הילצערנער בויד,
און נאָך אַ באָרוועסן יאַט וואָס עסט קנאָבל מיט ברויט...
און סע וואָלטן די שירהדיקע פּלאַנעטן־קאַנאַריקעס
פון גאָטס־פײַער־וואָגן געטאָן אַ פּאַל
קיין קאַפּרעשט צי פּעדײַעץ און גענומען שפּילן זיך, ווי „סמאַריקעס",
מיט די קליינע ציגעלעך אין זיידן אליס שטאַל...

וואָס זשע וואָלט גאָט געזאָגט, און דער מילך־שטראָז מיט שטערן?
איך ווייס נישט וואָס זיי וואָלטן געזאָגט, איך וויל זיי נישט הערן...

וואָרעם איך ווייס: דער זיידע אלי ווינט נישט מער,
נישט אין פעדיײַעץ, נישט אין קאַפּרעשט,
און דער גוטער בושל אויף זײַן דאַך
איז פאַרברענט געוואָרן מיט זײַן נעסט...

און איך ווייס נישט, וואָס פּלוצעם איז מיר אײַנגעפאַלן
די גאַנצע מעשׂה מיט די פּלאַנעטן־פּאָעטן, וואָס פאַרמאָגן האַרץ און טעם?
וואָס וואָלט איך געטאָן מיט זייער גיגאַנטישן פּלאַנעטיש־פּאָעטישן טאַלענט?...
וואָלט מיר דען נישט גענוג געווען איין קרישקעלע ערד און פיר ווענט,
אויב סע וואָלט אַ גאָט געווען און ער וואָלט דערהערט מײַן גראַם???...
און אויב ער איז נישט פאַראַן, וואָסער חילוק דען — אַ פּלאַנעט צי אַ יידישער פּאָעט?

וואָסער ווערט האָט האַרץ און חן און טעם,
אויב ס'איז קיינער און גאָרנישט נישט פאַראַן?

אוי ווי אומעטיק, אוי ווי אומעטיק ס'איז צו יאַנקעלע קאַנאַריק!

## מידקייט

אַזוי פיל געפּאָרשט דיך, מײַן גאָט,
איצט פאָרש איך נישט מער.
שטום ווי דאָס בערעלע בײַם האָריקן בויך
פונעם בער,
וועל איך אויסציִען זיך לעבן דיר
אין וואַלד־געדיכט...

הער, ווי שווער
דאָס געשטערן קריכט,
וויל זיך אַרויספלאָנטערן
פון די וואָלקנס.

אַלע קוואַלן רײַסן
פון חשכות זיך,
ווילן דורכן געשטיין זיך דורכשפּאַלטן.

הערט נישט קיינער דאָס געוויין פון דער וועלט,
וואָס איז מיד שוין פון געפּעכט?
צײַט, באַשעפער: זײַ גוט ווי די בערעכע
און לאָז אונדז רוען נעבן דיר.
מיר זענען מיד, אַזוי מיד,
פון אַזוי פיל לאַנגע טעג און נעכט...

## איך פאָר לייוויקן מקבל פנים זײַן

איך נעם אַוועק דעם שטיין פון ברונעם
און פיל אָן מײַנע לאָגלען צום וועג.
די קעמלען שטייען גרייט אין באַגינען,
ווי אין אַלטע פאַרצײַטישע טעג.

אין ווײַסן, אין גאַנצן אין ווײַסן,
איך בין פון קאָפּ ביז די פיס אָנגעקליידט,
וואָרעם אַלע מײַנע חושים זיי ווייסן —
דעם אר״י הקדוש אַנטקעגן מען גייט.

איך בין נישט אַליין — אַרום מיר מקובלים אין גאָרטן,
און סע רעדט איינער מיט אַ קינדיש געזיכט:
„גוט כאָטש, וואָס ס'קומט אַ מאָל אין פּראָסטן אינדערוואָכן
צו גאַסט צו אונדז אַ לאָגל מיט ליכט...״

אַ לויב צו גאָט!.. מיר שטײַגן אויף די קעמלען
דעם אַר״י הקדוש מקבל פנים זײַן...
...וואָס זשע האָבן פּלוצעם הימלען גענומען זיך וויגן,
און ווער רופט צו מיר פון פעלדזן־געשטיין:

„שטיי אויף, ס'איז צײַט, ס'נעמט שוין טאָגן!״
איך זשמורע מײַנע אויגן אין פרימאָרגנדיקן ליכט.
דער ווינט האָט דעם מאַנדלצוויט אין שטוב אַרײַנגעטראָגן,
און צווישן צוויטן — מײַן גוטער פרויס געזיכט.

זי שמייכלט. ס'איז אַלץ אומקלאָר נאָך ווי אין חלום.
ס'טריפן אירע ווערטער אין ראָזיקן טומאַן:
די שיף קומט הײַנט... צום קבלת פנים —
אַנטקעגן גיין לייוויקן צום ים...

איבערן פּרדס איז די זון שוין אויפגעגאַנגען,
סע קוועלט אין שויב אַרײַן דער מאַנדלבוים.
זיי ווייסן נישט, אַז איך בין צום קבלת פּנים שוין אַרויסגעגאַנגען
אַנטקעגן לייוויקן דורכן אומוועג פונעם טרוים...

אַפּריל, 1950

## זכרונות

לייוויקן

חצות. אין קינדער־צימער
טליִעט אַ קאַנעץ אין רויטן קרישטאָל.
אין פאַרפרוירענעם פענצטער די ביימער
לייענען קריאת־שמע מיט אַ דערשראָקן קול.
איך ליג אין בעטל אין קלאָרן,
און אין שטוב פון יענער זײַט וואַנט
ליגט מײַן באָבע טויט אינעם אָרון.
מען פירט אַוועק זי אין אַנדערן לאַנד...
אין לאַנד וואָס פון יענער זײַט טויט.

בלויז די וואַנט איז צווישן מיר און דעם לאַנד.
און פלוצעם — מיר דוכט, עפּעס פּראָסטיקס
ציט אויס פון דער טונקל זײַן האַנט.
אַ האַנט, געפלאָכטן פון שאָטנס, ציטערט,
איך שפּרינג אַראָפּ מיט געשריי פונעם בעט
און לויף צו דער שטוב פון מײַן מוטער,
און ס׳כליפּעט מײַן קול מיט דערשרעק:
„כ׳האָב מורא, מאַמע, כ׳האָב מורא!״
זי נעמט מײַן קאָפּ און לייגט אים אין שויס...

לעבן איר זיצט די לערערין דבורה
און לייענט פון אַ ספר אַרויס.
די ווערטער קלינגען און זינגען,
אַזוי פיל שירה ליכטיק צעקוועלט.
אַ גרײַז מיט אַ בעטלער אַ יונגן —
זיי גייען אויסלייזן די וועלט...
נאָר ס׳קומט דער מהר״ל זיי אַנטקעגן
און לאָזט נישט אַרײַן זיי קיין פּראָג...
און זיי בלאָנדזשען אַוועק אויף די וועגן,
פאַרשטויסן אין ערב־פאַרטאָג...

„מאַמעלע, מאַמעלע מײַנע!“
איך טו צו דער טיר זיך אַ לאָז.
כ׳וועל אפשר די בעטלערס געפינען
ערגעץ אין שטורעם און פראָסט...
די מאַמע כאַפּט פאַר דער האַנט מיך און שעפּטשעט:
ס׳האָט, דוכט זיך, פיבער דאָס קינד...
איך קוק דורך די שויבן און זע דאָרט
משיחן אין שנייִיקן ווינט...

— אוי, מאַמע, זיי בלאָנדזשען, פאַרפרירן,
ס׳וועט בלײַבן די וועלט נישט דערלייזט...
הער! ער קלאַפּט אין די טירן:
„לאָזט אונדז, מיר ברענגען אײַך טרייסט“...
נאָר ס׳דאַרף, אַפּנים, די וועלט קיין טרייסט נישט,
וואָרעם עס עפנט קיינער נישט די טירן פאַר זיי...
און אפשר מען זעט און מען הערט נישט
ווײַל פאַרשאָטן די וועגן מיט שניי?

די וועגן פאַרשאָטן. נאָר אין זכּרון
לײַכט די בענקשאַפט פון יענער־אָ נאַכט...
און איצטער נאָך צענדליקער יאָרן
האָב איך לייוויקן צוריק זי געבראַכט...

יולי, 1950

## אַ לויב צו דיר

אַ לויב צו דיר, אָ פֿיטן זוניקער,
אין אַלע ווײַנגערטנער דײַן ליד צעצײַטיקט זיך פֿאַרטײַעט.
אַ יעדער טרויס, אין גאָלדגעציר, פֿרימאָרגיקער,
איז אַ בעכער זאַפטיקער מיט ריזלדיקן פֿיט.

דײַנע פֿליגל, נאָך וווּנדערפֿלי צונויפֿגעלייגטע,
בענטשן פֿרום דעם ערשטן אַקער ערד.
די הימלען פֿון אייביק אָן געוועזן דיר באַשערטע,
נאָר וואָס זענען הימלען אָן דער מאַמע ערד?

אָ, אין קאַיאָר כ'האָרך געקוועל פֿון לעפֿצן דײַנע,
ווי זיסע קוואַלעכלעך פֿון באַרגיקן געשטיין:
סאַראַ פֿרייד אויף אויפֿגעבליטע פֿליינען
מיט ביידע פֿיס פּשוט זיך צו שטיין.

ס'האָבן בײַ אומות אַלע, די ברידער זינגערס דײַנע, זוניקע,
נאָכן גאַנג פֿון זייערס איבער פֿעלדער טאָגיקע,
נאָכגעפֿליגלט מיט שאַלנדיקן ליד
און געבליט מיט יעדן קנאָספּ און יעדן צוויט.

מיט יעדן קערן גאָלדענעם אין ערד פֿאַרזייטער,
מיט יעדער זרע פֿאַר מאָרגנדיקער פֿרוכט —
האָט אין דיכטערס זעל טונקעלער, פֿאַרטײַעטער,
אַ טאָג געטאָן מיט נס פֿון פֿאַר געבורט.

און ס'איז ליד דעם דיכטערס אויפֿגעשטאַנען
מיט יעדן שפּאַן פֿון זין און טעכטערס גאַנג,
בשעת מען טראָגט די רײַפֿע פֿרוכט פֿון לאַנען,
און צו שײַערס נאָכגעפֿליגלט זײַן געזאַנג.

און ס'איז אומעטום היים געווען פֿאַר ליד פֿאַר זײַנעם,
און אַ מאַמעשי אַ זיסינקע — די רחבֿותדיקע ערד.

נאָר דיר, דיר איינעם, זינגער מײַנעם,
נישט געווען די פרייד די הייליקע באַשערט.

איצט זע איך שטיין דיך, אויגן פול מיט תפילה,
און אַרום — ברידער, שוועסטער, גערטנער אויפגעבליט.
און מיט פרייד־געשריי פון זוניקער גאולה
פליט מיט, מיט זיי, דײַן שאַלנדיקע ליד.

געבענטשט זאָל זײַן, געבענטשט דײַן שירה הייליקע
וואָס בליט מיט ערד און בליט מיט פאָלק.
איך זע זי ווערן ווידער אַ פאַרקייטלטע
מיט דורותדיקער קייט פון לויטער גאָלד.

קייטן גאָלדענע, יום־טובדיק צעוויקלטע.
סאַראַ נס, אַ רינגל זײַן אין קייט.
דורות, דורות שטרעקן הענט צעליכטיקטע
אין קוואַליק־שירהדיקער אייביקייט.

וועל צו וועל, וועל צו וועל שטראָמיקע,
סאַראַ שירהדיק געקוועל.
אַזוי פיל שאַל לויטערע, תנ״כיקע,
און צווישן וועלן ביסטו אויך אַ וועל.

ייִדיש־וועל מיט שמעקנדיקע ראָזשינקעס און מאַנדלען
גיסט מיט אַלע כוואַליעס זיך צוזאַם,
וועל צו וועל, כּדי זיך צו פאַרוואַנדלען
אין אין־סופיק שאַלנדיקן ים.

לשון־קודש, ייִדיש, לשון־קודש,
וואָסער לשון ס'זאָל נישט זײַן.
לאָזט מיך זינגען: קדוש, קדוש
בײַם ערשטן בעכער אייגן ווײַן.

מאַרץ, 1951

## קליין־רוים

שנייַדט אויף מייַן פרוי דעם מילגרוים.
— זע, זאָגט זי, אַ גאַנצער אוניווערס,
אַ פּאַלנע שטערנוועלט, אַ קליינרוים,
און איך האַלט אין מייַנע הענט דעם אוניווערס.

— ביסט, זאָגט זי, בייַ מיר שוין נישט אַזאַ איי־איי,
וואָסער חריפות אַ פּאָעט צו זייַן —
מען דאַרף די בעכערס האַלטן נאָר געגרייטע,
די שיינקייט פּלייצט, במילא, שוין אַרייַן...

— גערעכט — זאָג איך... קום גרייטן די געפעסן.
פאַרוואָר, די שיינקייטן פּאַרפּלייצן עס אַ וועלט,
און מיר, מיר האָבן אַליין ווי ליכטיקע געפעסן
אין מיטן פלייצן זיך אַרייַנגעשטעלט...

אַפּריל, 1951

## די שניטערקע אין גאָלדענעם קאָרן

די שניטערקע אין גאָלדענעם קאָרן
קאָסעט אין זונאויפגאַנג.
— שניטערקע, זאָג איך, אין גאָלדענעם קאָרן,
הער, עס גייט אויף אַ געזאַנג!

גאַפּט די שניטערקע אין גאָלדענעם קאָרן:
— איך הער נישט, איך הער קיין געזאַנג...
לאַך איך: שניטערקע אין גאָלדענעם קאָרן,
ביסט אַליין דאָך, אַליין דאָס געזאַנג...

ציט זי די פלייצעס משונה
און דערלאַנגט די טשופּרינע דעם ווינט...
לאַך איך: ס'איז געזאַנג דײַן טשופּרינע
אויף דער בלויִנקער האַרף פונעם ווינט...

בינדט זי אַ סנאָפּ און צעקווועלט זיך:
— ביסט, זאָגט זי, ברודער צעדרייט...
לאַך איך: דער קאָרן צעהעלט זיך
אונטער דיר, ווי אַ ליכטיקע פלייט...

עפנט זי די אויגן און זיי גאַפן,
און זי לענט אָן דעם קאָפּ אין אַ סנאָפּ.
לאַך איך: האָסט אַ גראַם איצט באַשאַפן
צווישן גאָלדענעם סנאָפּ און דײַן צאָפּ...

היט זיך, מיידל, היט זיך —
אַ סטראָף ווערט דײַן יעטוועדער ריר,
און פאַר אַזוי פיל סטראָפן, גאָט באַהיט מיך,
נישט סטײַען מײַן פידל וועט דיר...

גענוג! דאָס ליד איז געבאָרן.
עס נייגט שוין די זון צום פאַרגאַנג.
אַ דאַנק דיר מיידל אין קאָרן,
אַ דאַנק פאַר אַזוי פיל געזאַנג...

מײַ, 1951

## אני הרץ

א מתנה מײַנע חברים בײַ די מילואים

צימבל, צימבל, צימבל מײַן.
דעם נאַכטיקן בעכער מיט לבנהשן ווײַן
האָט שלמה המלך באַפוילן, אויף גיך,
ברענגען דעם הויפנאַר אויף גאָלדענע שיך.

בעט זיך דער לץ: אָ, מלך דו מײַן,
אַ צימבל פאַרמאָג איך און פון שירה דעם ווײַן...
חוץ צימבלען און צימבלען קען איך גאָרנישט מער,
און ס'פאַלט אויפן צימבל פון הויפנאַר אַ טרער.

וויקלט דער מלך אין פאַנצער זיך אײַן:
„אַ לא יוצלח ווי דו קען מײַן הויפנאַר נישט זײַן".
און עס גייט דער קיניג דורך נאַכטישן בלאָ
אַוועק צו זײַן ליבסטער, דער מלכּה פון שבא.

מילא, צימבלט־זשע צימבלען, אַזוי איז באַשערט,
און אונטער אַ בוים זעצט זיך דער לץ אויף דער ערד.
פּלוצעם, ווי אַ שטערן, פאַלט אַ פײַג פונעם בוים
און וועקט דעם הויפנאַר אויף פונעם טרוים.

נישט ס'איז שלמה המלך, און ער נישט קיין לץ.
ס'איז תשי"א אין דער וועלט, און דער צווייטער מעת־לעת
אַז ער איז אַ „רץ", אַ רץ בײַם מג"ד —
יאָ, ער געדענקט אַקוראַט:

מ'האָט אים ברענגען געשיקט... ער געדענקט שוין נישט וואָס...
און דערווײַל זיך פאַררעדט מיט אַ גראַם אינעם גראָז,
און פאַרוויגט האָט דער גראַם אים, ווי אַ מוטער די וויג,
און פאַרגעסן דער רץ האָט צו קומען צוריק...

מילא, צימבל־זשע, צימבל, צימבל־זשע צו.
ווי אין צײַטן פון שלמה שטייען די פעלדזן נאָך דאָ.
איבער זיי — דאָס געשטערן, ווי פּירות צעבליט,
און דער אייביקער לץ מיט זײַן אייביקן ליד.

אויגוסט, 1951

## פון מײַנע באַגעגענישן

א

אין אַ כּיסלודיקער שקיעה,
ווינטיק, גרוי, פאַררעגנט,
האָב איך אים הינטער ירושלים
אין די פעלדזנבערג באַגעגנט.
די ווײַסע קרויזן ביזן גאַרטל אים,
און דער קאָפּ ווי פון פעלדזנשטיין געמייַזלט.
ער איז געשטאַנען אויף דער ערד אַנטקעגן זונפאַרגאַנג
פאַר זײַן שטייניק־גרויען הײַזל.
— זײַט מוחל, האָב איך שטיל געזאָגט —
אפשר קען מען דאָ דעם רעגן איבערוואַרטן?
ער האָט זיך צעשמייכלט: אַוודאי, אַוודאי...
און אַ פידל געטאָן מיט אַ קול אַ מיידלש צאַרטן:
זיצט... איך האָב זיך געזעצט לעבן אים אויף אַ שטיין.
ער האָט אַרויסגענומען אַ ליולקע און אָנגעצונדן:
— הייסט עס, מ׳קומט יאָ אַ מאָל צו מיר צו גיין,
אַז מען וויל קען מען מיך געפינען.
ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און פלוצעם זיך צעלאַכט:
איר ווייסט, מסתם, אַפילו נישט ווער איך בין עס...
אָט, מען לעבט זיך צווישן שטיין אין פינצטערניש פון נאַכט,
און ער דאָרט אין פּאַלאַץ הוליעט מיט די זונות...
אַוודאי, אַז די וועלט האָט קיין אויג, דערקענט נישט מער,
קען דער אשמדאי אויפן כּיסא־המלכות זיצן.
הייבט אויף דעם מאַנטל פון זײַנע פיס —
זיי זענען הינערישע... איך שוועך אײַך בײַ מײַן געוויסן...
נאָר ווער האָט הײַנט געוויסן, פרעג איך,
און ווער דערקענט דאָס פּנים פונעם אמת?
און וועל איך שרײַען נאָך הונדערטער מעת־לעתן
„איך בין שלמה...״, וועט דען גלייבן עמעץ?

ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ... איך פרעג אים שטיל:
— איר?... איר זענט שלמה המלך?
— ווער דען? דונערט זײַן געבריל,
און צעפּאַלט זיך אין די פעלדזן מיט געהילך.
ווער דען?... ער הייבט זיך אויף, מלכותדיק און שטאָלץ,
און פאַרוואַרפט דעם זאַק אויף זיך ווי אַ קיניגליכע טאָגע.
קומט, זאָגט ער, קומט צום אָוונטמאָל פון ברויט און זאַלץ.
און מיר קריכן אַרײַן אין זײַן בערלאָגע.

ב

דער טיש איז פון שטיין און פון שטיין איז דאָס בעט.
ער שנײַדט פונעם ברויט און דערלאַנגט מיר.
— איר ווייסט, זאָגט ער, שטיל ווי אין געבעט:
נישט די קרוין — נאָר שולמית טוט באַנג מיר.
שולמית, שולמית... זײַן קול ווערט אַ פּלייט,
און ס'טריפט ווי האָניק פון זײַנע ליפּן איר נאָמען.
אַלע פייגל האָב איך געשיקט נאָך איר אין דער ווײַט,
נאָר די פייגל זענען צוריק נישט געקומען.
האָט איר נישט באַגעגנט די פייגל ערגעץ ווו?
אָדער אפשר אַ פליגל לזכר?
איך ווייס, דעם אַשמדאיס יונגען לויערן דאָ,
אויף בערג און אויף טאָלן, אויף טײַכער.
אין אַלע שטיינער, באַהאַלטן, זיי היטן מײַן טראָט,
זייער אויג פון פינצטערניש לויערט.
זיי האָבן די פייגל מיט מײַן ליכטיק געזאַנג
ערגעץ אין פעלדזן פאַרמויערט.
איך הער בײַ נאַכט זיי וויינען אין שטיין
און רײַסן די פעלדזן מיט נעגל.
נאָר שטיין איז שטיין און פעלדז איז פעלדז,
און איך נישט מער ווי אַ פאַרשטויסענער קיניג...
זאָגט, פאַר וואָס איז אַזוי שלעכט די וועלט?

און דער אַשמדאי, האָט ער נאָך ווייניק?
ער האָט דאָס פֿאָלק און די קרוין האָט ער,
און דאָס לאַנד אויף טויזנטער מײַלן.
און איך, איך דאַרף דאָך נישט מער
ווי אַ שטײן פֿון פֿיר גרוייִנקע איילן,
פֿיר גרוייִנקע איילן, נאָר אין שטיין אַ שפּאַלט,
און דורכן שפּאַלט זאָלן זען מײַנע אויגן
אַ טשערעדע שאָף לעבן ברונעם וואָס קוואַלט
און אַ שאָטן אונטער אַ ווײַנשטאָק מיט טרויבן,
און לעבן ווײַנשטאָק צווישן טשערעדעס פֿי,
אין זוניק־צעכוואַליעטע קוואַלן,
זאָל קומען זיך טובלען יעדן אינדערפֿרי
שולמית אין טיולענע שאַלן.
איך וועל נישט געגענען אַ טראָט דאַן צו איר,
איך שווער אײַך, נאָר זיצן און גאַפֿן,
און זינגען צו גאָט פֿאַרן נס פֿון באַשאַף,
פֿאַר דער רגע וואָס ער האָט זי באַשאַפֿן.

אָ, גאָט מײַן גאָט... ער עפֿנט די אויגן אויף גרויס,
און לאָזט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס זיך שפּאַנען.
איך גיי נאָך אים... די לבנה שווימט אַרויס,
אויסגעבעט אין וויג פֿון טומאַנען.
ער שפּאַנט, קערט נישט אויס דעם קאָפּ צו מיר,
ביזקל ער ווערט אין טומאַן אַ פֿאַרשפּינטער...

שטילעניש גייט זינגענדיק הינטער מיר
בשעת איך קלעטער די פֿעלדזן אַרונטער.

מײַ, 1952

## צײַט צו ווערן

אין פעלד צײַטיקט שוין דער קאָרן,
און די רויטע מאַלינע — אין וואַלד.
כ'האָב ליב אַ שפּרונג טאָן אַריבער יאָרן
און אַלע מאָל בײַטן מײַן געשטאַלט.

ס'איז אומעטיק שטענדיק צו טראָגן די זעלביקע צורה,
הייסן יאַנקל און וווינען אין „מײַן צײַט".
ס'האָט השגחה געשאָנקען מיר די בחירה
צו קענען בײַטן צורות ווי אַ קלייד.

איך ליג אין פּרדס צווישן אויפגעבליטע פּירות,
און נאָר אין מײַן דמיון איז געווענדט:
אַ שפּרונג טאָן ווי אַ מאַלפּע צו די ערשטע דורות,
אָדער צום מאָרגנס טומאַניקן געבלענד...

הײַנט גאַר איך נישט נאָך פּשטות פון אַ מאַלפּע.
(איך הער זיך אײַן, ערגעץ ריזלט טיף אַ שטראָם)
איך וויל דערגרונטעווען מײַן קערן און אים שפּאַלטן,
איך וויל דערשלאָגן זיך ביזקל מײַן אַטאָם.

איך וויל דערגרונטעווען און מײַן אַטאָם אויפלייזן,
אַרײַנפלייצן הי אין נישט־הי...
גענוג אין מײַן גוף אַ געפּענטעטער געוועזן —
שוין צײַט צו ווערן אין־סופיקער פלי.

אַפּריל, 1953

## פערפעטוום מאָבילע

קרײַזן רעדער,
זונען־רעדער,
שטערן־רעדער,
רעדער, רעדער
אין טומאַן.

וועמענס רצון דרייט כּסדר
אָט די רעדער,
אײַנגערעדערט,
אײַנגעסדרט,
אײַנגעגדרט
אין געשפּאַן?

אײַליק, אײַליק,
אײַליק, אײַליק,
דולער קאַראַהאָד.
ווילִיק, ווילִיק,
צי נישט ווילִיק,
אַלע, אַלע אונטערטעניק
שווינדלען אינעם ראָד.

האָפּײַ, האָפּײַ,
האָפּײַ, האָפּ.
נישט קיין אָנהייב,
נישט קיין סוף.
גאָרנישט נאָענט,
גאָרנישט ווײַט.
איינס אין צווייטן
אײַנגעדרייט,
טויט און לעבן,

לעבן, טויט,
אויפן סתם־ראָד
פון דער צײַט.

האָפּיי, האָפּיי,
האָפּיי, האָפּ.
קאַרוסעלן
אין גאַלאָפּ.
הין און קריק,
הין און קריק
טאַנצט אַן אָרון
לעבן וויג,
און אַ מלך אויפן טראָן
לעבן לעקיש אויף אַ ציג...

גאָרנישט קליין,
גאָרנישט גרויס.
קרײַזט די זון
און ס׳קרײַזט די מויז
סתם אַזוי,
גלאַט אַזוי

קרײַזן רעדער,
זונען־רעדער,
שטערן־רעדער,
מענטשן־רעדער,
רעדער, רעדער
אין טומאַן...
אײַנגערעדערט,
אײַנגעסדרט,
אײַנגעגדרט
אין געשפּאַן...

מאַרץ, 1954

## דער מלך שטאַרבט

חצות. לבנה־ליכט רעגנט אויף ווײַסן מירמל.
אין בלויעניש טוט דער קראַנקער מלך אויס דאָס זײַדענע געוואַנט.
אַ פֿאַרגאַפּטער שטייט ער פֿאַרן קרישטאָלענעם שפּיגל,
אַנטקעגן אייגענער נאַקעטקייט ווי פֿאַר אַ פֿרעמדן לאַנד:

אומהיימלעך ציִען וועגן זיך אויף הויט־און־ביינערדיקער לאַנדשאַפֿט,
אָדערלעך ווי טײַכן, רונדקייטן — בערג.
ערשט איצט בײַם סאַמע סוף באַשערט צו מאַכן אים באַקאַנטשאַפֿט
מיט גוף מיט אייגענעם — ער שטוינט און באַטראַכט דאָס ווערק...

ער ווייסט דער מלך: דער בנין האַלט שוין בײַם צעפֿאַלן,
אַ רגע און ער קערט זיך אום צום אַלטן ליים.
און ס'נעמט אַרום אים אַ רחמנות צו אַלע פֿליישיקע קעמערלעך און זאַלן —
געוועזן זענען זיי יאָרן צענדליקער זײַן היים...

זײַן היים... און ער?... ער וואָס געוווינט אין זיי האָט לאַנגע יאָרן,
ער, ער אַליין?... ווער איז ער, ווער?
צי איז מלך שלמה מער ווי יעדער מענטש אין פֿלייש געבאָרן?
און דער מענטש אַליין איז מער דען פֿון פֿויגל און פֿון בער?...

און בײדע, בײדע שפּילנדיק אין טויט אַרײַנגעקרײַזט.
אויסטערליש! יאָרצענדליקער געשפּילט אויף דער חכמה ווי זײַן פֿאָטער אויפֿן פֿידל,
און פֿון יענער זײַט טויט... וואָס בלײַבט פֿון חכמה און פֿון לידל,
בשעת אויפֿן פֿידל די לעצטע סטרונע רײַסט?...

דער מירמל־זאַל — אַ ברונעם טיף און שוואַרץ...
פֿאַר וואָס האָט אין דער לעצטער שעה גאָט זיך אויסבאַהאַלטן?

פֿעברואַר, 1955

## דער לץ

גלעקלט, גלעקער,
גלעקער אויף מײַן מיץ!
ווי דער וואָלקן איבער דעכער
חנדלט, שפּילט זיך
מיט זײַן בליץ —
טאַנץ איך אויכעט
העכער, העכער,
מיט מײַן זינגענדיקן וויץ.

וואָס זשע פעלט
און וואָס זשע דאַרף איך?
אויפן דימענט פון תפארת
מײַנע גראַמען שאַרף איך...

וואָס זשע מיינען מײַנע לידער?
דאַרפן לידער עפּעס מיינען?
עלעהיי אַ בוים מיט קאַרשן,
וואָס טוט מיט די קאַרשן זײַנע שײַנען...

קלינג און קלאַנג
און פריילעך.
ס'פעלט מיר אַ בת־מלך,
אין איר שויס זי זאָל מיך וויגן.

און איך זאָל פלייטלען איר מײַן ניגון...
און זי זאָל גלעטן
מײַנע לאָקן,
און צעשמייכלט,
פול מיט חידוש,

לויבן מײַן זינגענדיקן
ייִדיש...

קלינג און קלאַנג
און פריילעך,
נאָר סע קומט נישט
די בת־מלך.

און וואָלט זי יאָ געקומען,
וואָלט זי מײַן ייִדיש נישט באַנומען,
און במילא נישט מײַן ליד...

קלינג און קלאַנג
און פריילעך.
איך בין אַ הויפנאַר
אָן אַ מלך,
אַ דיכטער אָן אַ פאָלק...

וואָס זשע טוט מען?
מילא...
מיט מײַן צימבל
איך פאַרטשמעליע
מײַן אַליינקייט און מײַן אומעט.
און ווי די שיינקייט —
אין דער שיינקייט,
איך בלאָנדזשע אין זיך אַרומעט.

הײַדל דידל,
אָט!
און איך פאַרלאָז זיך מיר
אויף גאָט:

אַז די צײַט
וועט קומען,
וועט ער מיך
צו זיך
שוין נעמען,
און אין די וואַזשנע
זיבן הימלען
וועל איך צימבלען,
פֿאַר אים צימבלען,
און מײַן גאָטעניו דערפֿרייען...

נאָר דערווײַל, ביז וואָס און ווען,
וועל איך אַן עלנטער זיך דרייען,
מיט מײַן צימבל דרייען זיך, פֿאַרדרייען,
עלעהיי אַ זון צווישן בערג מיט שנייען,
עלעהיי אַ שטערן אין דערשראָקענע זאַווייען.

יוני, 1956

## דולע מאַטראָסן

האָהאָ, די מאַטראָסן, די דולע מאַטראָסן.
שוין לאַנג־לאַנג־לאַנג,
אַז זיי האָבן די ערד און די היימען פאַרלאָזן,
שוין לאַנג־לאַנג־לאַנג...

נאָר דער ווינט וואָס האָט געזונגען אויפן זיידנס שליאַך,
און דער פויגל וואָס האָט געזונגען אויפן זיידנס דאַך,
יאָגן נאָך די שיפן מיט די דולע מאַטראָסן...

פאַר וואָס זשע קערן די מאַטראָסן, די דולע מאַטראָסן,
נישט אַהיים זיך צוריק?
צו זיידעס און טאַטעס, צו ווײַב און צו וויג,
וואָס זיי האָבן שוין לאַנג־לאַנג־לאַנג איבערגעלאָזן?...

פון ווײַטע דימענטענע טומאַנען
ווינקט דאָס לאַנד „נישט פון דאַנען".

און די בת־מלכּה גליקל־גליקל, גליקל־פרייד,
פלייטלט, פלייטלט אויף איר פלייט
און זי טאַנצט אין פורפור־גראָזן,
און זי פאָכעט מיט איר פעכער
צו די טרויעריקע מאַטראָסן...

האָהאָ, די מאַטראָסן, די דולע מאַטראָסן.
שוין לאַנג־לאַנג־לאַנג,
אַז זיי האָבן די ערד און די היימען פאַרלאָזן...
שוין לאַנג־לאַנג־לאַנג...

יאַנואַר, 1957

## שניי

שפּאַן דעם שליטן, שפּאַן, איוואַן,
און דערלאַנג די סויבלענע היטלען.
אַז ס'איז קיין שניי אין ישׂראל נישט פֿאַראַן,
וועלן מיר מיט כּישוף פּרוּוון זיך שליטלען.

צעהענג אויף די שימלען די גלעקער פֿון גאָלד
און פֿאַרבעט די קלעזמער־קאַפּעליע.
אַז ס'האָט זיך אַ שליטוועגס אין זונלאַנד פֿאַרוואָלט,
וועלן מיר באַשטעלן דעם שניי פֿון פּאָדאָליע...

אַז סע וווינט נישט בײַם דניעסטער מער דער פעטער הערש בער,
ווער וועט דאָרט שליטלען די קינדער?
האָהאָ, ברענג דעם שניי פֿון פּאָדאָליע אַהער —
אין באר־שבע צעשניי אים אַצינדער.

אַ שניי אין מיטן זונלאַנד, הוי, אָט אַזוי!
ס'איז דער שניי אונדזערער פֿון פּאָדאָליע!
און אויף דער קעלניע וועלן מיר זעצן, אַנשטאָט אַ גוי —
דעם גוטן פעטער הערשעלע פֿון אָסטראָפּאָליע...

הוי, שפּאַן דעם שליטן, הערשעלע, שפּאַן,
און דערלאַנג די סויבלענע היטלען.
אַז ס'איז קיין שניי אין ישראל נישט פֿאַראַן,
וועלן מיר מיט כּישוף פּרוּוון זיך שליטלען.

פֿעברואַר, 1957

## אפשר?

און אַזוי און אַזוי האָט געדרשנט דער גרויסער חכם ר׳ בינעם.
און אַז ער האָט געטאָן דרשענען איז וואָס?
די לבנה קומט, ווי פאַר קדמונים, ווידער שלאָפן אין שטילן גראָז,
כאָטש זי רופט איר געלעגער נישט אָן ביים נאָמען...

די ווילדע לייבן שפּרינגען ווי פאַר יאָרן־מיליאָנען און ברומען,
און די בערן האָריקע שלאָפן זייער ווינטער־שלאָף.
די גרויסע שטערן־קאַרעטע לויפט דורכן בידנעם אין־סוף,
כאָטש זי דאַרף קיין מאָל אין ערגעץ נישט אָנקומען...

האָהאָ, ר׳ בינעם, אפשר אויפהערן טראַכטן און זיך פאַרלאָזן
אויף דעם וואָס האָט די שטערן אויסגעשטערנט און אויסגעגראָזט די גראָזן?
און אפשר אַליין ווערן ווי שטערן און ווי בערן,
ווי גראָזן און ווי האָזן,
ווי זון און ווי פראָסט —
זיך אויסלערנען לייַכטן פראָסט, וואַקסן פראָסט, ברומען פראָסט,
אַזוי ווי סע טוט ווילגעפעלן דעם באַשעפער...

מאַרץ, 1957

# שטילקייט

די שטילקייט איז עלטער פון לשון.
איך הויער אין נאַקעטער שטומקייט פון שטיין.
מיַינע נאָזלעכער זוכן דעם ריח פון אור־אַלטער היים,
וואָס איז אין געביין פון געשטיין דאָ פאַרשלאָסן.

ווער וועט מיך לערנען די דינים און מאָסן
צו מעסטן די צײַט דאָ, דעם שטח?
אַז צײַט איז קיין צײַט דאָ און שטח — קיין שטח:
סע שטערנט דאָ קיין מאָל און ס'וועדט קיין מאָל דאָ גאָרנישט פאַרלאָשן...

אייביק אַלץ־איינס... איז ווּהין די נסיעה
פון דימענטענע שליטנס אויף מירמעלנעם פראָסט?
די חכמה האָט די לייצעס פון די הענט אַרויסגעלאָזט
און פאַרשלאָסן איר פעלדזיקע וויִע...

די דימענטענע שליטנס פון שטילקייט ניגונדיק פליִען
אין פאַרכּישופטער שיינקייט פון אייגענעם קרײַז.
אין די שליטנס הויערן געטער פון אײַז.
און גוט איז מיר, מיט זיי, אייביק דאָ צו רוען...

אַפּריל, 1957

## מײַן גאָרטן

מײַן גאָרטן איז שענער פון דײַנעם:
פידלען און פלייטן בליִען אין אים,
און סע ניגונט דער ניגון נאָגנדיק־דין
ווי ליכט אין קרישטאָל פון די וועלן.

זעכציק שטראַלן־קלעזמער שלאָפן אויף די גראָזיקע שוועלן,
שיכּור מיד פון גליק... און איך... איך בין...
ווײַל איז מיר — איך ווייס נישט ווער איך בין...
אין מײַן נישט־וויסן, ווי אין אַן אַלטן סודותדיקן שלאָס,
דערלאַנגט מיר עמעץ (איך זע נישט זײַן פּנים) אַ קוואַליקן כּוס.

איז ווײַן דערין?... אָ, ניין, נישט ווײַן.
און איך זאַפּ, ווי די נאַכט די זון, דאָס געטראַנק אין זיך אײַן,
און עס ווערט אַזוי אויסטערליש ליכטיק מיר אין מײַן פינצטערניש...

פאַרמאַך איך די אויגן, ס׳זאָל נאָך פינצטערער ווערן,
און הער זיך אײַן ווי אין מײַן גאָרטן שטערנט גאָט אויס די שטערן.
סאַראַ תענוג צו די אויערן וואָס הערן דאָס מיִען זיך פון גאָטס הענט.

לאָך איך אונטער פאַרמאַכטע וויִעס און דאָס געלעכטער ברענט,
ווי אָקערשט געבוירענע שטערן אונטער מאַנטל און כמאַרע...
אַ רגע און דער מאַנטל וועט פאַלן און סע וועט אַנטפּלעקן זיך די מראה...
יעדע רגע ציט דער באַשעפער אַן אַנדערן שלייער אַראָפּ, און צעשטראַלט
אין מײַן נאַכטישן גאָרטן אַן אַנדער געשטאַלט...

איז דען אַ וווּנדער, אַז אַלע פלייטן און פידלען, וואָס וואַקסן אין מײַן גאָרטן,
הערן נישט אויף צו יובלען אַזאַ געשאַל אין ביימערישע טיפן, אין טונקלע מאָכן.

מײַן גאָרטן איז שענער פון דײַנעם!
טיר און טויער זענען אָפן
פאַר דעם וואָס וועט קומען צו מיר.

אַפּריל, 1957

## צום טויט פון מײַן הונט

צוויט פון מאַנדלביימער פלאַטערט ווי שניי.
שוועסטער, זע, אונדזער הײַזקע ווערט פאַרשאָטן.
געדענקסט ווי מיר האָבן אַמאָל, אין וואָלעכײַ,
אַ שניימענטש מיט אַ לאַנגער ליולקע אויסגעקנאָטן?

דער שניימענטש איז מער נישטאָ און יענער שניי שוין לאַנג צעטראָטן.
נאָר אין מײַנע נאָזלעכער הויזט נאָך אַלץ דער ריח פון יענעם ערשטן שניי.
איצט זיץ איך אין בית־דגון, אין פרדס, און טראַכט וועגן געבורט און פאַרגיי
פון פלייש־מענטש, וואָס איז אין גאַנצן אין שניימענטש אַרײַנגעראָטן...

וואָס זאָג איך „מענטש"? נישט קיין מענטש, מײַן הונט איז הײַנט געשטאָרבן.
אַ הונט אַ פשוטער מיט אַ געלער פעל און גרויסע טרויעריקע אויגן.
געהייסן האָט ער „לולו", נאָר מײַן טעכטערל האָט מיט ליבשאַפט אים פאַרצויגן:
„לולוקו"... איך האָב מורא צו זאָגן איר, אַז לולו איז געשטאָרבן...

מײַן טעכטערל ווייסט שוין, וואָס אַזוינס ס'איז טויט, אַ ווײַסע טויב
איז אַמאָל אין אירע הענטלעך אויסגעגאַנגען.
נאָר אַז לולוקו קען אויכעט שטאַרבן, דאָס איז צו איר הערצל נישט דערגאַנגען,
אַ טײַבל יאָ, אָבער לולו... אָט די גוטע קלוגע צויג...

— אַיאָ אמא, אונדזער לולו וועט לעבן אַלע טעג פון דער וועלט, אַלע, אַלע!
לולו האָט אַזאַ קלוג ווײדלעלע און אירע ברוינע אויערן זענען נאָך קליגער מער...
אמא, ווען וועט לולו גיין אין גן און ווען וועט זי ווערן שוין אַ כלה?
און נאָך דער חתונה וועט זי קומען אַ מאָל צו גאַסט אַהער?

אַזוי פיל שאלות שטעלט מײַן טעכטערל. איצט דערנענטערט זיך די שעה,
די שפּיל־צײַט, ווען זי טוט מיט לולון זיך דורך די גראָזן יאָגן...

וואָס זאָל איך זאָגן? קען איך דען דערציילן איר, אַז היינט באַגין
האָט דער מיסט־פירער, צום מיסט־באַרג, לולון אַ טויטע אַרויסגעטראָגן?...

צוויט פון מאַנדלביימער פלאַטערט ווי שניי.
שוועסטער, זע, אונדזער הייזקע ווערט פאַרשאָטן.
געדענקסט ווי מיר האָבן אַמאָל, אין וואָלעכיי,
אַ שניימענטש מיט אַ לאַנגער ליולקע אויסגעקנאָטן?

סעפטעמבער, 1957

## די לעגענדע „ליַקאַ"

א

גיב מאַרושען די באַנדורע,
אַלטער קאָבזאַר נעם די פלייט,
סע פירט דער פאַסטעך פיורעמורע
זיַינע רינדער אָוונט־ציַיט.

אויפן דניעפּער שווימען ספּלאַוועס
אין דער בלויקייט מיט געזאַנג.
דער אַלטער קאָבזאַר אויף די סטרונעס
סילעט אויף דעם זונפאַרגאַנג.

זינג מאַרושאַ, אַזוי פיל שיינקייט,
אייביק אַלט און אייביק ניַי,
אַלע לידער פון דור־דורות
געדענקט דער קליינער סאָלאָוויי.

ס'שטייט נאָך אַלץ דער אַלטער קאַרשבוים
פאַר דער כאַטע פאַזע שליאַך,
און דער ביסיק אויף איין פיסל
דרימלט אויפן שינדלדאַך.

הוי, מאַרושאַ, סאַראַ דאָליע,
זינג פון גורל אויס דאָס ליד!
געדענקסט דעם זיידנס הינטל „ליַקאַ",
זיַין וויַיסע פעל מיט מאָן באַשיט?

געווען אַ הונט ווי אַלע הינטלעך
אין דעם זיידנס אַלטער בויד...
נאָר זיַין גורל, דער קליגסטער קאָבזאַר
וואָלט זיַין צימבל נישט פאַרטרויט

אויסצוזינגען נס און וווּנדער,
גורל־נס פון פראָסטן הונט...
הוי מאַרושאַ, סוד פון גורל
ווער דערגרונטעוועט צום גרונט?

ב

„הוי, דאָליע, דאָליע, דאָליע נאַשע",
ס'היט אַ הונט די שאָף אויף פאַשע,
היט און היט און פלוצעם זע —
רײַטער, רײַטער, רײַטער צוויי.

לאַכט דער ערשטער, קריכט פון פערד,
צווישן קוסטעס גרינע בערד,
און אַ שטײַג פון גרויען שטאָל
ער טוט אַ הייב אין גרינעם טאָל,
אַ הייב די שטײַג פאַמעלעך שטיל...
און ס'שנײַדט די שטילקייט דורך אַ ביל...
אַ הונט־געביל אויף שטילער ערד,
און ס'שפּרינגט דער רײַטער קריק צום פערד.
רײַטן ווײַטער, רײַטער צוויי
און דער הונט, אין שטײַג, מיט זיי...

ג

אַזוי פיל לידער אויסגעכליפּעט און צעקלונגען
ס'האָט דעם אַלטן קאָבזאַרס שמעקנדיקע דודע...
נאָר וואָלט דאָס פּראָסטע פײַפל אַמאָל געחלומט צו באַזינגען
אַ שטערן־הונט אין אַ שטערן־בודע?...

אַ שטערן־קינד, גלײַך מיט אַלע גאָטס־ליכטיקע־געזעלן:
באַשערט געווען „לײַקאַן" דעם הימל־טאַנץ צו טאַנצן...
ער, דער ערשטער ערד־געבוירענער, אַריבער ליימענע שוועלן,
איז געוואָרן שטערן־בלום אין מזלותדיקע קראַנצן...

צי קען דען די קליגסטע קאַבזאַרישע דודע
אויסמאָלן די הייליקע שרעק אין די אַפּלען
פון „לײַקאַן״ דעם הונט, אַליין צווישן הימלישע שטאַפּלען ?...
זײַנע שוועסטערלעך בילן אין דער היימישער בודע,
און ער, „לײַקאַ״, אַליין מיט גאָט און די שטערן...
אַ הונט איינער אַליין מיט שטערן און גאָט...
סאַראַ פּחדימדיקע איינמאָליקע אויסדערוויילטקייט,
טיף אין דער דעמערדיקער קאַרש־פון־סוד...

לײַקאַס אַפּלען אין קינדיש־הייליקער התפעלות,
און זײַן מאָרדע ניוכעט צום ווונדערלעכן מעטאַל...
(אַזוי ניוכען פריש־געבוירענע צו די שוועסטערלעך אין שטאַל.
לײַקאַס שוועסטערלעך זענען איצטער די מזלות...)

ער שטעקט די פליישיקע צונג אַרויס און לעקט.
(צי וועט ער דערפילן פון שטערן־פלייש די ריחות ?...)
לבנה טוליעט איר פנים צו לײַקאַס הייסן פּיסק.
איז עס די מאַמע־צויג ?... לײַקאַ באַנעמט נאָך נישט דאָס שײַכות
כאָטש ס׳הייבט אָן ווערן היימישער... עס דוכט :
די ליכטיקייטן זענען לאַפּעלעך פון הינטלעך־ברידער...
לײַקאַ ציט פון תענוג אויס די הייסע גלידער,
פרוּווט טאָן אַ ביל... ער וואַרט : וועט ענטפערן עמעץ ?
ער זשמורעט די קלוגע אויגן און גענעצט.
אַזאַ שטילקייט רונד־אַרום אין אין־סופיק שוואַרצער בודע...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

הוי, וואָס ווייסט דער קאָבזאַר אויף דער ערד,
און זײַן אָרעמע דודע ?
וואָס ווייסן זיי וועגן טיפער דעמערדיקער קאַרש־פון־סוד ?
סאַראַ פּחדימדיקע איינמאָליקע אויסדערוויילטקייט :
אַ הונט איינער אַליין צווישן שטערן און גאָט...

נאָוועמבער, 1957

## פּאָעזיע

וואָרע פּאָעזיע האָט ליב אַ מאָל צו רײַטן
אויף געזונטע פּראָסטע פערד פון פּראָזע.
די סוסים הירזשען פון פרייד, זיי פילן אַפילו נישט די רײַטערישע לאַסט,
זיי מיינען: לבנה־מלכּות זענען געקומען אויף פּראָסטע זאָטלען צו גאַסט...
קעניגלעכע קינדער זענען אי צניעותדיק, אי פול מיט פּאָזע.

בת־מלכּות האָבן ליב אַ מאָל צו פּאַרבלאָנדזשען אין די וואָכעדיקע קיכן
און צוזאַמען מיט די דינסטן, אין ערדענע שיסלען, צו טונקען ראַזעווע ברויט...
אויף שוואַרץ־ערד פון פּראָסטן מעל שטראַלט נאָך בלויער צעבלויט
דאָס בלויע בלוט דאָס קעניגלעכע, און צווישן קנאָבל־גערוכן
שמעקט נאָך פּירשטלעכער די ווײַסע ליליען־הויט...

אַוודאי איז וואָרע פּאָעזיע, חוץ קינדיש־צניעותדיק,
אויך מאָנדעניש־ראַפּינירט.
זי איז אין גאַנצן געראָטן אין גאָטס־וואָרער־וועלט,
וועלכע קאָמבינירט
דורך קאָנטראַסטן איר שאַרם...

נאָר צום סוף, נאָכן לאַנגן עקסטראַוואַגאַנטן וואָגל,
קערט זי, די פּאָעזיע, פון אַלע קאָזשלקעס מיט פּאָרעם,
אַהיים צום אוראַלטן בלויען לאָגל,
וואָס וואַרט אויף איר אין כּביכולס פּאָטערלעכן שויס...

מאַרץ, 1958

## הוי, לידער־שמידער!

הוי, לידער־שמידער — פאַרגעסענער פידל אין חרובן מקום־קדוש,
חוץ די מײַז צווישן אַלטע שיימעס און דער מטורפער שמש אינעם פּאַליש
פאַרמאָגט נישט קיינער, אין שטיינערנעם מאַרק דאָ, קיין לעבעדיקן אויער.
דער ווינט איז אײַנגעשלאָפן צופוסנס דעם טויטן וועכטער בײַם טויער,
און דער לבנה־הירש דרימלט, נישט פאַראַן קיין האַנט צו טאָן אים אַ צערטל.
אויף וועמען ווארטסטו? אין די שענקען לאַכן ווילע יונגען און כאַפּן אַ קערטל,
און אויף די קאַרוסעלן אין לונאַ־פּאַרק דרייען זיך דזשאַז־יונגען און זינגען
וועגן באָקסער־הענטשקעס און פוטבאָל־גאָלן... מאַלפּעס מאַכן קונצן און שפּרינגען
דורך אַ דזשונגל פון דראָט. אַפילו די לייבן אין זאָאָלאָגישן גאָרטן זענען קיין לייבן מער:
זיי ליגן ווי עובר־בטלע מלכים און דרימלען שטייניק־שווער.
די וועלט, אונדזער וועלט איז אַ פּערפעקטער אַטאָמישער זאַוואָד
וואָס דרייט זיך אַליין, זי קען באַגיין זיך אָן גאָט...

וועמען זשע זוכסטו דאָ, לידער־שמידער? אפילו דאָס באָבעלע האָפּסלט דורכן טאַראַראַם
און לייענט מיט בלעכענע שפּאַקולן דעם נײַסטן שפּאַנענדיקן שונד־ראָמאַן...
זי איז קליגער, הײַנטוועלטיקער פון דיר... הוי, אַ רחמנות אויף דײַן פידל, אַלטער נאַר,
ביסט איבעריק, ווי גאָט... נאָר ער קען, ווײַזט אויס, איבערטראָגן לײַכטער דעם צער
פון זײַן־איבעריק־אַליין... ער איז מאַיעסטעטיש־טראַגישער פון דיר.
און אפשר גייסטו לערנען אַ ביסל קעניגלעכן טרויער? זעץ זיך בײַ זײַן בלויער טיר
און לערן די ברונעמדיקע שטילקייט פון זײַנע אַלטע קלוגע שטערן,
וואָס קענען די הייליקע קונץ: „לײַכטן און נישט־געדאַרפט־צו־ווערן"...

אויגוסט, 1958

## אַ זעונג

געזען איך האָב אַ זעונג: צווישן ברענענדיקע בערג —
דער לעצטער אָדם אויף פאַרקוילטער ערד,
איבער אים די שטערן־קאַרעטע מיט צעפלאָשעטע שטערן־פערד,
און לעבן אים — אַ שטאַרבנדיקע זשאַבע, אַ ווערעמל און אַ האַלבער האָז
וואַלגערן זיך אין אַשיק־שוואַרצן גראָז,
און אויף פאַרברענטן דאָרנבוש,
מיט פאַרקוילטע פליגל, דער לעצטער סאָלאָוויי
קוקט מיט בלינדע אויגן אַראָפּ אויף זיי...
— באַשאַפער, שרײַט דער מענטש, זע, אין פעלדזנשפּאַלט
ליג איך צווישן שטיינערדיקע ריפּן,
אַ שאַרבן בלויז מיט ברומענדיקע ליפּן...
וואָס ווילסטו טאָן מיטן לעצטן מענטש אין אין־סופיקער
פינצטערניש פון נאַכט?
ווילסט ווידער גענענען און פון מײַן ריפּ אַ ווײַב אויסהאַקן,
און אין איר טראַכט
לאָזן בליִען מײַן זאָמען?... ניין, האַר, איך שווער בײַ דײַן נאָמען,
הייב נישט אָן דײַן בראשית פון ס'נײַ,
איך פאַרכט זיך פאַר מײַן אייגענעם זאָמען.
זע, באַשאַפער, זע,
וואָס אָדמס זין האָבן געטאָן טון מיט זיך אַליין!
דער וואָלף פאַרצוקט נישט דעם וואָלף, דער לייב דעם לייב נישט,
נאָר דער בן־אָדם פאַרצוקט האָט זײַן אייגן פלייש און ביין,
מיט די לײַכטנדיקע ציין פון זײַן אייגענער חכמה
האָט ער זיך אַליין אויפגעפרעסן,
ער, וואָס האָט אין זײַנע קינדער־יאָרן פון עץ־הדעת געגעסן,
ער, דער מלך פון חכמה, ער וואָס געשליפן האָט דעם וואונדער־שליסל
צום לעצטן טויער פון סוד...
האָהאָ, ווער לאַכט אין דער שטערן־קאַרעטע?... דו? דו לאַכסט עס גאָט?...
דו? דו לאַכסט? דו, וואָס האָסט באַשאַפן אונדז, דו אונדזער וועכטער?
צי טראָגט דען נישט דער באַשאַפער אחריות פאַר זײַן ווערק?

צי נישט דו האָסט אויסגעמאָסטן די צאָל פון אונדזערע טריט
צו קענען דערקלעטערן צום שפּיץ פון די בערג?
צו וואָס? כּדי פון העכסטער הייך צוריק צו פאַלן
אין טיפעניש פון תהום אַרײַן?
בחירה, זאָגסטו?... ווער האָט דען באַשאַפן אונדזער רצון,
נישט דו, דו אַליין?
צי מעסט נישט דער טעפּער אויס די שטאַרקייט
פון זײַן באַשאַפענעם טאָפּ?
ווער האָט געקנאָטן אונדז, געפורעמט,
נישט דו, באַשאַפער־גאָט?...
צי קען דער טעפּער מישפּטן דאָס געפעס:
„פאַר וואָס ביסטו נישט מאַכטיקער?"
צי דען נישט ער אַליין האָט די מאָס
פון כּוח באַשטימט אים?
אויסגערעכנט יעדן שפּאַן,
און אין גבולים אײַנגעצוימט אים?
פאַר וואָס שפּילסטו מיט אונדז?
צי שפּילט אַ פאָטער מיטן לעבן פון זײַנע קינדער?
האָרך, פון פעלדזנשפּאַלט
רופט דער לעצטער מענטש, צום מישפּט רופט ער דיך אַצינדער:
צו וואָס האָסטו אויפגעבויט דאָס ליאַלקע־הויז?
און אויב שוין ליאַלקעס — צו וואָס האָסטו אין פורעם
אַרײַנגעעאָטעמט לעבעדיקע חכמה
און מים־חיים־הארץ?
צו וואָס?... כּדי דאָס שפּיל צו מאַכן נאָך פּיקאַנטער,
שפּאַנענדיקער, דראַמאַטיש־אינטערעסאַנטער?...
צי האָסטו נישט געהערט ווי אונטערן גרים
פון אונדזער פלייש און ביין
ריזלט קינדיש־לויטערער געוויין?...
פאַר וואָס האָט דער מײַסטער
זיך נישט דערבאַרעמט אויף זײַן ווערק?...
— — — — — — — — — —

אַזוי האָט גערעדט דער מענטש
צווישן ברענענדיקע בערג,
דער לעצטער אָדם אויף פאַרקוילטער ערד,
און איבער אים — די שטערן־קאַרעטע
מיט צעפלאָשעטע שטערן־פערד...
וווהין יאָגט די שטערן־קאַרעטע, וווהין?...

דעצעמבער, 1958

## צו לייוויקן

נאַכט אין ווייַנגאָרטן. כּביכולס ליבשאַפט
צערטלט די טרויבן־קינדער און מיט שמעקנדיקער קלוגשאַפט
קושט ער אַריַין זאַפט אין זיי מיט מאָס און וואָג.
אַז די עבודה איז פאַרענדיקט, נעמט ער אַרויס פון פוטערפאַס דעם טאָג,
און פאַר די אויגן פון אַלע פייגל, שפּרינגערלעך און אָדמלעך,
אַנטפּלעקט ער דעם ווייַנשטאָק־נס: מיט וויפל צאַרטע גרינע פאָדעמלעך
ס׳איז איטלעכס טרויבן־קינד צו מוטער־ווייַנשטאָק צובאַהאָפטן.

און די מאַמע אַליין האָט אירע וואָרצלען אין דער גוטער ערד אַרייַנגעקנאָטן.
סאַראַ ווונדערלעכער בונד פון ליבשאַפט, קלוגשאַפט און שיינקייט!

פאַר וואָס זשע ציטער איך? אַלע אברים מייַנע ציטערן אין פּחדימדיקער
אַליינקייט.
איך קני אַראָפּ אין גראָז און מייַנע דאָרשטיקע נאָזפליגל ניוכען,
ווי קליינע דערשראָקענע חיהלעך, וואָס אין פינצטערנישן זוכן
די מוטער זייערע... אַז גאָט איז דאָ, פאַר וואָס זוך איך אים, פאַר וואָס?
און פאַר וואָס ווערט מגולגל אין ווייַסן פראָסט דאָס גוטע גראָז?

אייַזבערג שווימען קעגן מיר און איך שטיי אין מיטן פראָסט,
איינינקער אַליין אין אַ פוסטער גרויסער וועלט פאַרלאָזט.

מיט אַ מאָל, זע איך: צווישן הימל און ערד — אַ בעט פון גאָלע ווייַס
און אין בעט אַ מענטש און אַרום אים גאָטס שטומקייטן ווי בערג מיט אייַז.
דער מענטש פּרוווט שטרעקן זייַנע הענט צו גאָט, פרירן זיי אייַן.
וויל ער עפענען די לעפצן — פאַרשליסט זיי די פּייַן...

נעם איך שטאַמלען: דער וואָס פאַרטיילט מיט ליבשאַפט צו מינדסטער טרויב
זייַן גנאָד,
פאַר וואָס איז ער אַכזר צום אויסדערוויילטן מענטש? איך פאַרשטיי דיך נישט,
גאָט.

און ווי איך פרעג עס, נעמט דער מאַן, צווישן הימל און ערד, אין בעט פון גאָלע
ווײַס

שמייכלען מיט בלויער קלוגשאַפט פון אונטער בערג מיט אײַז.
דוכט מיר: עפּעס וויל ער זאָגן, דער אויסדערוויילטער מאַן, און זײַנע רייד
זענען פּירושים אויף כּביכולס פּאַרהוילענעם באַשייד.

בעט איך: רעד, ליכטיקער מאַן, שפּאַן אַרויס פון פראָסט און ליים,
קום, טײַטש אונדז גאָטס דרכים, וואָרעם מיר קענען נישט פאַרשטיין,
ווי אַזוי קען כּביכול קוקן אַזוי אַכזריותדיק צום ווײַסן שניי,
ווו עס צאַפּלט מיט די פליגל און פרירט אונדזער שענסטער סאָלאָוויי?

איז דען געמאָלט, קען דען זײַן געמאָלט,
אַז כּביכול האָט דעם שׂר פון שירה מיט אײַזבערג אָפּגעצאָלט?

און איך דערמאָן אים מײַן בלאָנד שוועסטערל אין שנייִקן געבלענד,
וואָס הייבט פון ערד אַ פאַרפרוירן פייגעלע אויף מיט אירע קליינע, ווײַסע הענט
און זי טראָגט דאָס פליִערל צום מײַלעכל און דעכעט וואַרעמקייט אין זײַן
שנעבעלע אַרײַן,
ביז עס צעפּאָכעט מיט די פליגל און צעעפנט די אייגעלעך אין שײַן.

פאַר וואָס זשע טוט נישט גאָט אַזוי, ווי ס'האָט געטאָן מײַן שוועסטערל אין
ווײַסן בלענד?
פאַר וואָס הייבט ער נישט דעם אויסדערוויילטן מאַן מיט זײַנע רחמימדיקע
הענט?
אַזוי רעד איך צו גאָט. און ער... מיט אײַזבערג ענטפערט מיר
און צעהענגט, ווי פאַרפרוירענע פייגל, די שטערן איבער מיר.

גאָט ענטפערט נישט. נאָר דער אויסדערוויילטער מאַן צווישן הימל און ערד
עפנט אויף זײַנע אויגן גרויס און פאַרטרערט.

קוש איך זײַנע טרערן און קושנדיק איך בענטש,
נישט גאָט דעם האַר, נאָר זײַן קנעכט דעם מענטש.

1958

## בריוו פון יענער וועלט

קען זײַן, אין דײַן רויזן־גאָרטן, חצות, אין מאָכיק פאַרטײַעטער טיף,
וועסטו, מיט אַ לבנה־בראָש צוגעשפּיליעט, געפינען מײַן פלאַטערדיקן בריוו.
אָ, שוועסטער, וויפל איך פרווו נישט פאַרקאָרענייען מײַן זכרון אין מײַן
אַמאָליקער ערדהיים און אין דיר,
אַלץ ווערט פאַרגליווערט דאָ אין אין־סופיקן געפריר.

ב

מאָל דיר אויס מײַן הויז דאָ — אַ ווינט צוגעפרוירן צו אַ ווינטער־גאָרטן,
וואָס איז נאָר אַ שפּיגלבילד אין אַן אויסגעטראַכטן קוואַל...
אין די ערשטע טעג דאָ, האָט געדענקט נאָך מײַן מענטשישער זכרון
אי דעם גערוך פון קנאָספּן, אי דעם ריח פון בהמה־מיסט אין שטאַל.
אויך די זיסקייטן פון פינע־מילך אויף הייסע אײַטערס פון אַ קו,
און דאָס רויטע פלייש פון אַ קאַווענע אין די הענט פון בלעטערדיקן־בלאָ...
אָט די אַלע לעבעדיקע קלייניקייטן,
שמעקנדיק און גראָזיק־פּראָסט,
קוש איך איצט אין דמיון,
אונטער דער דימענט־וואַנט פון פראָסט.

ג

הוי, שוועסטער, צערטל פאַר מיר די גילדענע זונען־גענדז אין דער בלויער אָזערע,
קוש אויס פאַר מיר די גרינע ראָסע־אויגן אין פליושענעם פּנים פונעם גראָז,
עפּן אויף דאָס פּורפּור־האַרץ פון צעשטערנטן מילגרוים
און צערײַס דאָס קעניגלעכע פלייש פון אַפּריקאָז...
שיק מיר צום אין־סוף אַלע ריחות פון די זאַכן אויף דײַן גומען —
אויב נישט די פּירות, וויל איך כאָטש געדענקען זייער נאָמען...
אוי, שוועסטער, אָטעם אײַן, פאַר מיר, דעם נאַריש־פריילעכן געסאַפּע
פון אַן אָקערשט געבוירן לאָשיקל, בײַ די הייסע אײַטערס פון אַ שקאַפּע...
קוש, פאַר מיר, די גוטע אויערן פון אונדזער אייזעלע און דאָס טײַכישע
געפּליסק,

ווּ עס פּלעגט, יעדן קאַיאָר, באַנעצן זײַן אייזליש־שמעקנדיקן פּיסק...
שיק מיר צום אין־סוף אַ זשמעניע ערד, אַ לעבעדיקן קאַרשנבוים, אַ זאַפּטיקן,
איך וויל אָנקניפּן, אין זיי, מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ד

אַ סך מאָל גייט אויף אַ זעונג אין מײַן דימענטענער שטילעניש:
איך קער זיך אום אַהיים צו ערד, צו איכיש־פּליישענער־פּאַרהילעניש,
ווידער ווערן איך אין סודותדיקן הויז פון בלוט און פלייש... אָ, לײַב, מײַן לײַב,
לעבן דיר, ווי אַ לאָנקע הייס, אָטעמט אין זונענטײַך, נאַקעט ווילד אַ ווײַב...
אַלע צעלן מײַנע ווערן לאָגלען און עס רעגנט אַרײַן אין זיי אַ שמעקנדיק געפּלייץ
פון אַקאַציע־בלעטער, מיידל־צעפּ און הייסע פּלה־פּיס אין ווייץ...
אָ, שוועסטער, אַלץ רינט דאָ און צערינט אין מלכות אין־סופיקן פון
דימענטענעם שׂכל...
פּאַרוואָר, אַפילו כּביכול האָט געמוזט, אין אייביקן נע־ונד, אָפּזוכן אַ געהויז,
אַ היכל:
ער האָט פון חלום געקנאָטן ליים און פון לײַב — אַן אָדם־און־חוה...
ערשט אין ווילדן געיובל פון פלייש און מוסקולירטער תאווה,
האָבן זייערע זין, די נפילים, זיך אַנטמלאכט און תאווהדיק סאַפּענדיק גענומען
קריכן,
דורך נאַכט־ווילדע־געבישן, צו חוהס נאַקעט־הייסע דיכן...
אַהאַ, נישט פאַראַן קיין גרויליקערע לאַנגווײַל ווי אונטער אַ מלאכס בלויער
הויט!
פּאַרוואָר, איך בין מקנא אַפילו דעם רויטן אָקס, וואָס ציטערט פאַרן טויט:
אַפילו ער, דער בוהײַ, האָט דעם זכות צו פילן דעם טעם פון אַ וואָרן לעבעדיקן
שטאַרבן,
בעת עס פאַלט אונטער אַ לעבעדיקער האַק זײַן בהמיש־צאַפּלדיקער שאַרבן...
אַהאַ, שוועסטער, שיק צום אין־סוף מיר אַ צאַפּלדיקן גוף, אַ רויע ווונד מיט
בלוט־טריפנדיק־זאַפּטיקן,
איך זאָל פאַרקניפּן, אין זייער ווײ, מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ה

מײַן זכּרון געדענקט נאָך דעם ריח פֿון רעטשענער קאַשע אין ערדענע טעפּ:
אין אַ טענדע־װערענדע האָפּסלט מײַן באָבע צום גאָרטן איבער די אַלטע
שטײנערנע טרעפּ,
און סע ציטערט מיט רחמים איר פּליושן גוידערל: טשירע־טשירע־טשירע!
אירע דערבאַרעמדיקע פֿינגער שיטן גרויפּן פֿאַר די פֿייגל לכבוד שבת־שירה.
אוי, שװעסטער, אַזױ פֿיל רחמנות טריפֿט פֿון אירע תּמימותדיק־ענװותדיקע
אויגן,
אירס אַ טרערן־פּערל פֿאַלט צופֿוסנס אַ פֿײפֿסערל, װאָס איז פֿון עפּלבוים
אַראָפּגעפֿלױגן.
אַ צװײט פֿייגעלע שיט אָפּ אַ שנײיבלום פֿון אַ בלאַט, צעעפֿנט דאָס שנעבעלע
און כאַפּט, פֿון אונטער דער באָבעס פֿאַנטאָפֿל, אַ שבתדיק בעבעלע...
— ס'זאָל דיר װויל באַקומען, טײַעט מײַן באָבע: טשירע־טשירע־טשירע!
אוי, שװעסטער, ס'האָט אין הימל הײַנט פֿאַרשמעקט מיר דער באָבעס שבת־
שירה.
נאָר אַפֿילו פֿאַר די הײליקע אימהות שׂרה, רבקה, רחל, לאה, קען איך דאָ
נישט מאָלן
דעם ריח פֿון מײַן באָבעס שמעקנדיקן רחמים... די אימהות רוען דאָ װי פּערל
אין מושלען פֿון קרישטאָלן...
אַזאַ שבתדיקע רו אין די אין־סופֿן, נאָר דער שבת איז דאָ אַנדערש װי מײַן
באָבעס שבת־שירה:
אַפֿילו אליהו הנביאס גוטסקײט איז הי אַ פֿאַרפֿרױרענע מעשׂה פֿאַרדימענט
אין אַ שלאָפֿנדיקער לירע...
די חכמה קיניגט דאָ... אָ, שװעסטער, שיק צום אין־סוף מיר דער באָבעס
אַ קרעכץ אַ לעבעדיק־זאַפּטיקן,
איך װיל פֿאַרקניפּן אין איר רחמים מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ו

אין די ערשטע טעג, האָט געדענקט נאָך מײַן זכּרון דעם ריח צװישן לעבעדיקע
בלעטער פֿונעם חומש,
אַלע פּנימער פֿון זײדעס און באָבעס, אײגן־שמעקנדיק און היימיש,

געמיינט: איך וועל מײַן מידן קאָפּ אַרײַנטוליען צווישן דער מאַמע רחלס קני,
און שפּעטער אַנטלײַען דעם גראָזיקן פלויער פון פאָטער יעקב
און לידלען פאַרן לעבעדיקן פּי...
נאָר איך האָב דאָ אין ערגעץ קיין געזיכט, קיין מראה נישט אָנגעטראָפן:
אַלע געזיכטער — איין געזיכט, אַן איין־און־איינציק־פּנים פון אין־סופן...
אַלע לעבעדיקע, שוועבנדיקע איינסן האָבן אין איינס צוזאַמען זיך באַהאָפטן,
גאָרנישט „דאָרט" גאָרנישט „דאָ", גאָרנישט „איך" גאָרנישט „דו", איינס אין
איינס אַרײַנגעפלאָכטן.
סאַראַ פּחדימדיק אָן־פּנימדיק נישט־זײַענדיקער־זײַן... און ווי אַ דימענטענער
טרערן־טראָפּן,
פון אַ שטאַרבנדיקן אויג, האָב איך זיך הכנעהדיק אַראָפּגעקײַקלט
און פּראָסטיק־ליכטיק, אָן־געזיכטיק אַרײַנגעקייטלט
אין אין־סוף... נאָר אין מײַן זכּרון, ווי אין אַ טײַך אונטער אײַזיקע שאָלן,
האָב אויפגעהיט אַ בעכערל ריח פון וועלדער היימישע, פון בערג און טאָלן...
אוי, שוועסטער, מקנא איך בין אַפילו דאָס קליינע שוועלבעלע, וואָס קומט
טרינקען צו דײַן ברונעם,
וואָרעם אַפילו דאָס פּיצל פליערל פאַרמאָגט אויך זײַן אייגן איכיש־פּנים...
אוי, שיק צום אין־סוף מיר אַ פּרשה חומש מיט רש"י לעבעדיק־זאַפּטיקן,
איך וויל פאַרקניפּן, אין זייער לעבעדיקן גאָט, מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ז

זויף שוועסטער, זויף אויס פאַר מיר דעם גאַנצן ווילדן רויטווײַן פון זינד,
זשליאָקע אויס אַלע געטראַנקען סמיק־פאַרבאָטענע, וואָרעם זיסער נאָך פון זינד
איז די בײַטש פון עונש!
אָהאָ, סאַראַ תענוג איז צו פילן איבער נאַקעט־לעבעדיקן־פלייש
פאָכען גאָטס שטראָפנדיקע בײַטש, שפּיציק און הייס!
אַמאָל, אַמאָל, אויף דער ערדס לעבעדיקע בערג און טאָלן,
האָט גאָט געשפּילט מיט אונדז דאָס שפּיל פון זינד און עונש,
מיר האָבן געזינדיקט און ער האָט געטאָן באַצאָלן.
אָהאָ, שוועסטער, ווי מײַן יִינגל־האַרץ האָט זיך תענוגדיק געשראָקן,
אַמאָל אין פאַטערס גאָרטן, בעת איך בין אונטער די אַלטע ווײַנשלבײמער,

מיט מאַרושיקאַן פאַרקראָכן...
אָהאָ, ווי געשמעקט ס׳האָט איר צאָפּ דער בלאָנדער און געשמעקט האָט אויך
מײַן מורא פאַר גאָט,
וואָס האָט אַרויסגעקוקט, פון אַ כמאַרע, איבערן פאַכטערס פאַרנאַכטיקן
סאָד...
אוי, שוועסטער, שיק צום אין־סוף מיר פון אַ רשע אַ צאַפּל אַ לעבעדיק־זאַפּטיקן,
איך וויל פאַרקניפּן, אין זײַנע הייסע זינד, מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ח

מײַן בריוו, מיט שטערן־טינט, אויף בלויען ווינט,
לעשט זיך.
ווי אַ גוסס, וואָס פאַרבינדט זײַן בליק צו זײַן הויזגעזינד
און פאַרגעסט זיך
אין לעצטן זערנעלע היים פון פלייש און ביין,
אין לעצטער רויז, צעקנאָספּנט־זאַפּטיק־קלעפּעדיק,
אַזוי בײַס איך מיט די ציין
אין לעצטן וואָרט, וואָס איז נאָך הייס און לעבעדיק...
מײַנע ווערטער, צו דיר, זענען אין אין־סוף
די איינציקע וואָר,
אָן זיי פאַרליר איך דעם לעצטן ריח
פון ערד און פון דײַנע האָר...
אוי, שוועסטער, איך קלאַמער זיך אין לעצטן וואָרט און זויג
אויס די לעצטע פּאַטשערקע זון, דעם לעצטן וואָלקן־גערוך...
די ווערטער זענען איצט מײַן אויער און מײַן אויג...
אָ, שוועסטער, שיק צום אין־סוף מיר, מײַן לידערבוך,
איך וויל אין לעצטן פערז, לעבעדיק־זאַפּטיקן,
פאַרקניפּן מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

1959

## ווער ברענגט די לידער?

קלעטערט, ווי אַ וועווריקל, מײַן טעכטערל אויף מיר,
— אבא, ווער ברענגט די לידער דיר צו טראָגן?
זי מיינט, לידער זענען אויכעט פּירות,
וואָס די מאַמע רײַסט אין גאָרטן אין זילבערנע פאַרטאָגן.

אַפריקאַזן זעט זי ברענגען, לידער נישט,
עפנט זי די גרויסע אויגן פול מיט שטוינען.
טעכטערל — זאָג איך — אליהו הנביא טוט די לידער ברענגען
פונעם בלויען וואַלד, ווו ער טוט מיט די קינדער זײַנע וווינען.

נעם מיך מיט צום בלויען וואַלד — זאָגט זי — צו די בלויע קינדער!
(זי פאַרשטייט, אַז אין בלויען וואַלד מוזן די קינדער זײַן אויך בלויע,
אַז אין בלויען וואַלד זענען בלוי די פוקסן און די הירשן,
וואָס קומען צום בלויען וואַסער יעדן אָוונט פאַיען...)

— און אויך די לידער דײַנע, אבא, זענען בלוי,
געהערט איך האָב אַמאָל די אמא אַזוי דיר זאָגן,
ווען זשע קומט אליהו פונעם בלויען וואַלד
און ברענגט דײַנע בלויע לידער דיר צו טראָגן?

וואָס זשע זאָל איך ענטפערן מײַן טעכטערל? איך דריק זי צו מײַן האַרץ.
זי נורעט מיט אַזוי פיל צוטרוי אײַן אין מיר די קליינע גלידער.
און ביידע וויגן מיר זיך קינדעריש־דערשטוינט,
צווישן בלויע קוישן פול מיט שמעקנדיקע לידער...

מײַ, 1960

## צי לעבט נאָך יידיש־לשון?

צי לעבט נאָך ייִדיש־לשון? אַוודאי לעבט עס, איך האָב אַ סימן:
אַלע שוואַלבן אין מײַן גאָרטן, אַלע בינען, אַלע פלאַטערלעך וואָס זשומען
און אויך די גרויסע זונען־גענדז, וואָס שווימען אין מײַן ברונעם,
אַלע ענטפערן בעת איך רוף אויף ייִדיש זייער נאָמען...

אַפילו די שטילקייט אין מײַן גאָרטן רעדט ייִדיש, זי וויינט אויס איר הונגער
נאָך די העכסטע און טיפסטע טראַפן — זי איז אַ בלויע פיאַנאָ וואָס וואַרט
אויף די פינגער
פון מײַסטער... פורפורנע שוואַלבן פלאַטערן אין ערב־טאָג און אין זייער פליגל־
פאָכן
טו איך האָרכן די קוועלנדיקע טראַפן פון די שמעקנדיקע סטראָפן
אויסגעצײַטיקטע פון פרישע ייִדיש־ווערטער פול מיט חידוש...
אַפילו מײַן ציג אין שטאַל, בעת זי גייט צו־קינד, מעקעט זי אויף ייִדיש.

מײַן גאָרטן איז איין־שפּראַכיק; אַלע חיות און צמחים זענען גרייט מיט קלאַנג,
קאָליר און גערוך,
איך זאָל זיי פאַרבעטן אין מלכות פון מײַן שמעקנדיקן לידער־בוך...
וואָרהאַפטיק, אַלע וואַרטן זיי, איך זאָל רופן און זיי וועלן טאַנצנדיק קומען
צו פליִען, צו שווימען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צי לעבט נאָך ייִדיש־לשון? אַוודאי לעבט עס, איך האָב אַ סימן...

יולי, 1960

## לאָלאַלאַ

א

לאָלאַלאַ דאָס לאָשיקל פון פּאַראַסקאַן אונדזער שקאַפּע,
קינדוויַיז איַינגעשפּאַנט אין מיַין קליינעם שליטן,
איז האָפּסלענדיק, אויף פּאַרשנייטע פּיס, מיט פריילעכן געסאַפּע,
היַינט אין מיַין חלום, ווי אין אַ מעשׂה־לאַנד, אַריַינגעריטן.

ווי אַזוי זשע האָט לאָלאַלאַ דאָס האָניק־ברוינע לאָשיקל פאַרשטאַנען,
אַז דאָס האַרץ פון אַ פּופּציק־יאָריקן איינזאַמען לידער־שמידער
דאַרף דאָס פערדן־קינד פון זיידנס צעגאָרטנטע לאַנען,
כּדי אויף דער עלטער צו דערפרייען דאָס האַרץ פון זיַינע לידער?

אָהאָ, דערלאַנג דיַין מאָרדע מיט די פאַרפרוירענע שנייבלומען, לאָלאַלאַ,
נאָר זאָל קיינער נישט זען ווי דער אַלטער לידער־שמידער קושט זיך מיט אַ
לאָשיק!
אָהאָ, דיַין האָניק־ברוינע פעל שמעקט נאָך אַלץ, לאָלאַלאַ,
ווי די רויטע קאַרשן, וואָס מאַרושאַ האָט געטראָגן אין איר קאָשיק.

סאַראַ נס: יענע קאַרשן האָבן אָפּגעהיט ביז היַינט נאָך זייער קעניגלעכן פּורפּור,
און פּונקט ווי אַמאָל טאַנצן יענע שטערן אין טיַיך דעם חופּה־טאַנץ פון פאַרבן!
איז גוט, וואָס אין חלום היט כּביכול אַלע זאַכן אויף אין זייער ערשטער
יונגשאַפט,
איז גוט, וואָס אין חלום לאָזט דער האַר, אַפילו, דאָס מינדסטע לאָשיקל נישט
שטאַרבן!

ב

הוי, לאָלאַלאַ, געשווינד, ברענג פון זיידנס גערטנער אַהער דאָס בלאָנדע ייִנגעלע
וואָס געפירט אין שליטן האָסט אַמאָל צווישן פאַרשנייטע סאָסנע־ביימער,
פאַרגעס אויך נישט: אין זיידנס אַלטער סוכּה, צווישן בראָכוואַרג, ליגט דאָס
וויגעלע,
דאָס שפּיל־פערד דאָס הילצערנע און דער בויקאַסטן פון פּורפּור־רויטע שטיינער.

פון בויקאַסטן וועלן מיר אויפשטעלן קריק די שיינע שטעט פון אונדזערע קינדער־יאָרן,
נאָר דערצייל נישט קיינעם, אַז דער אַלטער לידער־שמידער גייט זיך שפּילן ווידער!
זיי ווייסן נישט די „גרויסע", אַז חוץ שפּיל איז גאָרנישט נישט פּאַראַנען,
חוץ קינדער־שפּיל, חלום־שפּיל און שפּיל פון לידער!

ג

וווּהין וועלן מיר רײַטן, לאָלאַלאַ? נישט קיין חילוק, אַבי לאָלאַלאַ איז דאָ,
אַ וואָרט אַזאַ אַן אויסגעטראַכטס, אַ נאָמען, קלאָמפּערשט,
פון אַ לאָשיקל, און ס'איז אַ כּישוף־שפּרוך געוואָרן „לאָלאַלאַ, לאָלאַלאַ"!
הוי, גוטע מענטשן, לאַכט נישט פון גראַמען־פלעכטער! אוי, גאָט גערעכטער,
זײַ מײַן עדות, איך האָב קיין ברירה נישט! אוי, לאָלאַלאַ! לאָלאַלאַ!

אַפּריל, 1961

# לאָמיר שלום מאַכן

לאָמיר שלום מאַכן, אַלטער ייִדישער גאָט,
מיר קענען נישט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן.
איך שטיי הונגעריק בײַ די טויערן פון שטאָט,
און דו האָסט פולע שײַערן מיט יונגן ברויט און אַלטן גנאָד.
צו וואָס זשע זאָל איך ווײַטער וואַנדערן?

מײַן רײַטוואָגן איז באַהאָנגען מיט זילבער און גאָלד,
געלקחנט בײַ ווילד־פרעמדע טויערן.
איצט שטיי איך ווי אַ יאָלד מיט אַ גילדענער טראָלד:
צי האָב איך דאָס דען געמיינט און אַזוי דען געוואָלט,
בעת איך האָב צעבראָכן דײַנע אַלטע מויערן?

אַלע קלוגע ווערטער ווערן זשאַווער אויף מײַן צונג.
וווהין זאָל איך קערן זיך אין אַ וועלט פון לצנישן קאַפּויער?
אַלע גרויסע קונצן־מאַכערס האָבן פון כעלם קיין כעלם געטאָן אַ שפּרונג,
באַוויזן גרויסאַרטיקע פאָקוסן פאַר אַלט און יונג,
נאָר נישט אַריבערגעשפּרונגען דעם אייגענעם טרויער.

איצט קומען די קונצן־מאַכערס נאַקעט און באָרוועס אַהיים,
אַראָפּגעלאָזט די קעפּ די גרויע אין פאַרשעמטקייט.
אין זכות פון זייער ערלעכן עניוותדיקן געוויין,
לאָז זיי, באַשאַפער, צוריק צו דיר אַרײַן.
אויך דיר איז דאָך אומעטיק אין בלויער אַליינקייט.

אַוודאי איז דיר אומעטיק אַליין. און מיר איז פינצטער אָן דיר.
מיר קענען נישט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן.
איך קוש דעם שטויב בײַ דײַן אַלטינקער טיר,
און טו אויס מײַן רײַטוואָגן פון פרעמדן געציר.
גענוג, כ׳וויל ווײַטער מער נישט וואַנדערן.

מײַ, 1961

# אַ חלום: סדום

אוי, סאַראַ קאָשמאַרן טראַכט מײַן חלום אויס, חצות:
צום אָנהייב שווים איך אַ פּיציניונקעלע עמבריאָן,
אין אַ גרינער אָזערע, איך שווים פֿון גאָט קיין סדום,
אַ שוואַרצער רעגן רעגנט אין שוואַרצן פֿעטן גראָז.

לוט זיצט בײַ די טויערן פֿון שטאָט, זײַן רויטע נאָז
שמעקט טאַבעקע פֿון אַ שוואַרצן טויטן־שאַרבן:
— ייִנגעלע, זאָגט ער, לערן דיך פֿאַמעלעך לעבן און שטאַרבן
און פֿרעג נישט צו פֿיל „פֿאַר ווען און פֿאַר וואָס?"

און זײַן לאַנגער מוהל־נאָגל טײַטלט צום סדום־בעטל: לאָז,
זאָגט ער — אַ מעסט טאָן! און אָט ליג איך שוין אויסגעצויגן
און צוויי סדום־וועכטער, מיט רויטע לאַפּעס און שיכּורע אויגן,
נעמען אַראָפּ פֿון מײַן לענג און ברייט די מאָס!

— לוט, שרײַ איך, פֿעטער לוט, נאָר וואָס האָט באַשאַפֿן מיך דער בורא,
אָקערשט אַרויסגעשווומען פֿון דער גרינער אָזערע, אַ פּיצל עמבריאָן,
און שוין שטיי איך פֿאַרן האַרבן מישפּט פֿון סדום?
איין טאָג ערשט אויף דער ערד, איך בין פֿרעמד נאָך, כ'האָב מורא!

— גורל! שרײַט לוט — גורל! און ווי ער זאָגט נאָר דעם זאָג אַרויס
נעמט כמאַרע־קאָטש מיט שטערן שפּילן „קאַץ און מויז".
און לוט ציט פֿון זײַן שוואַרצער בוזעם־קעשענע אַ ליאַלקע אַרויס:
— זע, זאָגט ער, דאָס איז די בת־מלכּה פֿון סדומער מלכס הויז,
נאַ, איך שענק זי פֿאַר אַ כּלה! ווּעמען? פֿרעג איך — ווּעמען, מיר?

און ווי איך שטרעק די הענט צו איר, עפֿנט זיך די טיר
און דער סדומער מלך ברע מיט זײַנע זעכציק אַדיוטאַנטן
רײַטן אַרײַן אויף איין און זעכציק שוואַרצע עלעפֿאַנטן:

— זע, זאָגט דער מלך ברע — זע, ער האָט געגנבעט די שענסטע בת־מלכּה מײַנע!
— לוט, האָט געשענקט מיר, נעם איך כליפּען, נאָר דער מלך הערט נישט מײַן טענה.
— הענגען, שרײַט ער — הענגען! קני איך אונטערטעניק פֿאַרן קעניג פֿון סדום:
— קעניג, זאָג איך, איך בין אַ פּיציניונקעלע עמבריאָן,
אָקערשט געשווומען אין דער גרינער אָזערע, פֿריש באַשאַפֿן פֿונעם בורא,
איין טאָג ערשט אויף דער ערד, כ׳בין פֿרעמד נאָך, כ׳האָב מורא!

לאַכט דער מלך און זײַנע זעכציק אַדיוטאַנטן,
לאַכן אַלע איין און זעכציק שוואַרצע עלעפֿאַנטן
און טרעטן מיט שוואַרצע פֿיס מיך אין שוואַרצן גראָז!

און לוט שטעקט זײַן לאַנגע רויטע נאָז
צו דער טאַבעקע אין שוואַרצן טויטן־שאַרבן:
— ייִנגעלע, זאָגט ער, לערן דיר פֿאַמעלעך לעבן און שטאַרבן
און פֿרעג נישט צו פֿיל „פֿאַר ווען און פֿאַר וואָס?"

יוני, 1961

## ברידער טײַערע, פּאָעטן!

ברידער טײַערע, פּאָעטן, אײַלט אײַך נישט,
לאָמיר פּאָלגן מאירל פּרעמישלאַנער: „בנאמנות,
וואַרט ייִדן, וואַרט מיט די תּפילות,
ווי די געווינערין ביזן סוף פֿון נײַן לבנות".

גוואַלד געשריגן, געבוירט נישט קיין מפּילעד!
לידער און קינדער, באַרן, פֿלוימען און עפּעלעך,
אַלצדינג לעבעדיקע, אויף גאָטס וואָרער וועלט,
וויל צײַט צו צײַטיקן!
סאַראַ עקשנותדיק ריזלעניש אין פֿאַרהילעניש,
סאַראַ זויגעניש אי מיט תּענוג אי מיט ווייטיקן!

נישקשה, אַז ס'וועט קומען די צײַט,
וועט דאָס ליד אַליין אַ זעץ טאָן מיטן קעפּל
אין דער מאַמעס בויך, אָדער זיך אַ ריס טאָן פֿון בוים
ווי אַ צײַטיקער עפּל!
דו פּאָעט, דאַרפֿסט האַלטן גרייט נאָר
די וויגן און קוישן, און וואַרטן און לוישן מיט סבלנות,
ביזקל עס וועלן אויסצײַטיקן אַלע נײַן לבנות!
אוי, ברידער, טײַערע פּאָעטן, לאָמיר פּאָלגן מאירל פּרעמישלאַנער!

יולי, 1961

## ריחות

א

צי געדענקסטו נאָך דעם ריח פון יענער רויטער מאַלינע,
וואָס אָדם הראשון האָט צום ערשטן מאָל אין וואַלד דערזען?
זײַן הייסע צונג האָט געבלאָנדזשעט אין די פעטע נאַסע מאָכן,
און מיט אַ מאָל — די זיסע דופטיקייט דערפילט האָבן זײַנע ציין.

האָט ער זיך צעקוואָלן ווי אַ קינד און אויף אַלע פיר געקראָכן
צו דער לאַכנדיקער חוה, וואָס געלעגן איז נאַקעט אינעם גראָז,
און ער האָט זײַן הייסע צונג מיט דער רויטער שמעקנדיקער פרי
צוגעטראָגן צו די הייסע פליגלען פון איר נאָז.

קין און הבל זענען בײַ אירע ברוסטן געלעגן און געשלאָפן,
נאָר אין שלאָף האָבן זייערע הייסע נעזעלעך דערשמעקט
דעם ריח פון די זיסע שמעקנדיקע פליושן,
און זיי האָבן אַרויסגעשטעקט די צינגעלעך און די מאַלינע באַלעקט.

אין וואַלד הײַנט איז דער טעם פון יענער מאַלינע אויפגעגאַנגען אויף מײַן גומען,
און איך האָב זיך אַ נאַקעטער אַ וואָרף געטאָן לאַכנדיק אין גראָז,
אַלע דורות טאַנצן אַרום מיר מיט תאווהדיקן ברומען,
און אַלע גערטנער בליִען בײַ די פליגלען פון מײַן נאָז.

ב

נישט נאָר צו צמחים האָט גאָט געשאָנקען טעם און ריח,
אַפילו אין אַלטע ברינעמער שמעקט דער האַרטער שטיין.
איך געדענק נאָך דעם ריח פון מײַן זיידנס שמעקנדיקע אויגן,
בעת ער פלעגט פאַרנאַכט־צײַט איבער גערטנער אָסיענדיקע גיין.

געשמעקט האָט פון זיי מיט די טרויעריקע נעילה־־באַרן,
וואָס וואַקסן צוקאָפּנס אונדזער אַלטער קלויז.

מער נאָך: איך געדענק אַפּילו דעם גערוך פון טונקל־שווערן שאָטן,
אויסגעצויגן אונטערן משולח, וואָס איז אַרײַן אַמאָל צו אונדז אין הויז.

אַפּילו די שוואַרצע שטילעניש בײַ נאַכט האָט איר באַזונדער טעם און ריח:
זי שמעקט מיט בערד קאַלטענעוואַטע פון נע־ונדניקעס, חצות.
טרויעריקע שווימען זיי מיט שוואַרצע פּליטעס איבער טײַכן,
וואָס רוישן פאַרהוילן אונטער ווענט פון ווילדן גראָז.

און אַ מאָל שפּרײַז איך דורך ריחות ווי דורך וווּנדערלעכע זאַלן
פון אַן אוראַלטן קעניגלעכן שלאָס.
די גילדענע קאַרעטעס און קרוינען מלכותדיק שטראַלן
און סע שמעקט דעם מלכס ווײַן אין דימענטענעם כּוס.

און איך... איך אַליין, צי דופטעט נישט מײַן געוואַנט מיט פּורפּור פון אַ מלך,
און מײַן פלייש... מײַן פלייש, צי שמעקט עס נישט מיטן ערשטן ליים,
איבער וועלכן דער באַשאַפער האָט מיט ליבשאַפט זיך געבויגן
און אַריינגעאָטעמט זײַן קלוגן שמעקנדיקן חן?

סעפּטעמבער, 1961

## וויין נישט, פּאָעט!

זאָגט דער פּאָעט: לאָמיר ווערן אַ קאַפּל הײַנטצײַטיש־מאָדערניסטיש.
ליד מוז נישט שטענדיק וואַקסן ווי אַ לעבעדיקער בוים, אור־סודותדיק־
מיסטיש,

און נישט ווי אַ קוואַל, אַ קוואַל טאָן פון ערדיש־פּאַרטײַעטע טיפן.
לאָמיר אויסרעדערן דאָס וואָרט, ווי דער אינזשינער — רעדלעך צו קאָסמישע
שיפן.

לאָמיר ראַפינירן דאָס וואָרט ווי בענזין און אַרײַנגיסן אין מעטאַלענע מאָטאָרן,
לאָמיר שמידן הערצער פון שטאָל פאַרן ראָבאָט, וואָס מוז ווערן געבאָרן!
שרעק דיך נישט פאַרן וואָרט מיט צורה פון אַ ראַקעט. הוי, פּאָעט,
דאָס גאָלד אין רויזן־בעכער דופטעט אַלטמאָדיש, דער ריח פון לאַבאָראַטאָריע
וועט ירשנען די אימפּעריע פון צעשטערנט־גאָרטנדיקן לשון.
דאָס זיסע לבנה־ליכט אויף דער בת־מלכּהס גילדענע צעפּ איז אויסגעלאָשן
און אין דער האַרף פון פאַרחלומטן הויפנאַר איז געשטאָרבן דער אַלטער ניגון.
וויין נישט, פּאָעט, קינדער וועלן ווײַטער געבוירן ווערן, נאָר מאַמעס וועלן מער
נישט וויגן

די נײַ־געבוירענע: די מעטאַלענע מענטשן־קינדער, די שלימותדיקע ראָבאָטן,
האָט נישט דער בורא באַשאַפן, נאָר אַ פּערפעקטע מאַשין, מיט מאַטעמאַטישער
פּינקטלעכקייט, אויסגעקנאָטן.
זיי דאַרפן נישט מער קיין ליבע־און־וויג־לידער. זייערע הערצער קלאַפּן
נאָך די געזעצן פון מאַטעמאַטיש־געאָמעטרישע פאָרמולעס. זיי וועלן נישט
וויינען און נישט לאַכן,
נאָר ווי פּערפעקטע רעכן־מאַשינען, פּערפעקט דערליידיקן גרויסע און קליינע
זאַכן
און עס וועט זײַן „אָלרײַט" און „כאַראַשאָ"... וויין נישט, פּאָעט, באַהאַלט
די טרער אין דיר.
אויף דעם בורא אין הימל איז אומעטיק ווי דיר.

יאַנואַר, 1962

## צוויי לידער צו עוזין

א

די הייליקע וואַסערפּירערס פון קאָלאָמיי,
סטריקעוו, בראָד און סאָנדז,
שלאָפן איצט אין תל־אביבער מוזיי
אויף האַרטע לוחות צוויי,
אויסגעהאַמערטע אין בראָנדז.

שטיל, צברא מײַנער, וועק זיי נישט, פּאַמעלעך
ריר אָן די אײַזליכט אויף זייערע גוטע בערד.
געווען אַמאָל אַ מעשׂה, די מעשׂה איז נישט פריילעך,
זי הייבט זיך אָן מיט אַ ייִדישן מלך,
פאַרוואָגלט אויף פרעמדער ערד.

דער מלך איז דײַן זיידע געוועזן
און געוווינט האָט ער אין אַ הײַזקע פון ליים,
נאָר גאָט ברוך הוא פלעגט דרײַ מאָל אין טאָג זיך באַווײַזן,
זיבן מאָל אַרום דער כאַטע שפּרײַזן,
כּדי שמעקן צו זײַן ליכטיק געוויין.

זע, עוזי, אין בראָנדז דעם רעגן־בויגן
איבער די הימלען פון קאָסעוו און סטרי.
אַמאָל זענען דאָרט גילדענע פּאַוועס געפלויגן,
געפלויגן און ערגעץ פאַרפלויגן,
נאָר געבליבן איז די שיינקייט פון פלי...
ריר אָן, עוזי, דעם בראָנדז מיט די פינגער
און לערן דיך באַנעמען דעם סוד:
די צונג איז פאַרברענט, נאָר דער דאָרשט און דער הונגער,
מיט יעדן טאָג, ווערן פרישער און ייִנגער
און די שיינקייט ווערט הוד שבהוד!

עפן די אַפּלען, עוזי, און טרינק די פּראַכטן,
ריגל אויף דײַנע חושים, ווי טירן פון אַ הויז,
און פיר דעם לאַמעדוואָוניק אין בראַנדז פּאַרמאַכטן,
דעם קאָסעווער חקרן, פאַרגליווערט אין טראַכטן,
אַריבער אין דיר ווי אין אַן אָפענער קלויז...

ב

קום עוזי, שרעק זיך נישט, בנאמנות,
מאָל דיר אויס, אַז לוי יצחק פון באַרדיטשעוו
זיצט אין ירושלים אויפן כּיסא הרבנות.
און טאָמער וועט ער פּרוּוון שרײַען צו גאָט אויף מאַמע־לשון,
וואָס זשע אַרט עס דיך? מה יש? עס וועט גרילצן, חלילה, אין אויער
פון די יאַטן, וואָס דריגען, אויף לשון קודש, דעם באָל אַרײַן אין טויער?

אוי, עוזי, קינד מײַנס, שרעק זיך נישט, אומזיסטע די מוראס:
משה לייב סאַסאָווער וועט מלמד־זכות־זײַן אויף אַ מק״יניק אַפילו,
ער וועט איבערלאָזן די קלויז אין מיטן דער תפילה
און לויפן היילן אַ ייִנגל אַן אַפּיקורס...

שרעק זיך נישט, עוזי, פאַר די גלותדיקע שטרײַמלען און קאַפּאָטעס
און פאַר שׂרה בת טובימס שקאַרפּעטקעס אײַנגעטונקענע אין פּעטע בלאָטעס
פון ייִדישע הינטערגעסלעך... צי האָט זי דען צײַט געהאַט שׂרה בת טובים
לײַטיש אָפּצורייניקן די זאָקן? גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען...
שטענדיק אײַלט מען, אַזוי פיל נויטבאַדערפטיקע
גאַרן נאָך הייסער בולבע און נאָך אַ וואָרט אַ וואַרעמען.
אוי, טאַטע זיסער, דערבאַרעמדיקער העלפער!

און וואָס וועט דיך אַרן, עוזי, אַז אין ירושלימער שולהויף
וועט אַרומשפּרײַזן סרולקע באַהעלפער
אין אַ פויערישער סערמיעגנגע צווישן אויסגעפּוצטן עולם?
שעם זיך נישט, אויב ער וועט, מיצקע דרינען, נעמען טאַנצן אַ וואָלעכל פאַר גאָט:
„זשאַר, זשאַר, דערלאַנג זשאַר, רבונו של עולם!״

איז וואָס, אַז דער יונג בײַם דזשאַז וועט אַ רגע אויפהערן צימבלען,
ווײַל עס וועט אַ קיצל טאָן אין נאָז דער בלויער ריח פון די הימלען;
און אַז דער באָקס־יונג וועט אַ רגע בלײַבן שטיין לעבן דער באָקס־אַרענע
און נישט קענען באַנעמען אָט די אַלטמאָדישע בעל־שמסקע סצענע...

שרעק זיך נישט, עוזי, אויב וועסט פאַרשפּעטיקן הײַנט צום לונאַ־פּאַרק אַ קאַפּל;
רותי וועט איין מאָל אַליין פאַרצוקן דעם „גזוז" און „פאַלאַפעל"
און דערנאָך דורכלייענען געשמאַק, פּראַזע נאָך פּראַזע,
די מעשׂיות אויף די נאַקעטע בלעטער פונעם „עולם־הזה"...

קום עוזי, לאָמיר אויף אַ רגעלע אַרײַנכאַפּן זיך ביידע
אויף שלוש־סעודות קיין שפּאָלע, צום שפּאָלער זיידע...

יולי, 1962

## לידער וועגן לידער

א

שייל אויס דאָס ליד פון אַלע שאָלן,
פיר דאָס וואָרט אַהיים פון נע־ונד.
אויף ווילדע שמעקנדיקע טאָלן,
ווי אַ קנאָספּ אַרויסגעוויקלט פון געבלאַט,
שמעקט עס נאַקעט, נישט־פּראַהוילן,
ווי ס'האָט די מוטער עס געהאַט...

ריח פון טראַכט און פון מילך,
דופט פון טײַך און פון ווינט.
פון סאַמעט־ליפּן — קוואַליקער געהילך,
פון בלויע אַפּלען — געחידוש פון קינד.
און כאָטש איך ווייס נאָך נישט „וואָס וויל איך?",
איז זיס מיר ערב־וויסעניש, וואָס רינט
ווי דאָס סודותדיקע קיל־ליכט
פון אַ ווײַטן שטערן־הויזגעזינד...

ב

די פרעמדע פרוי אין אָוונטיקן הויז,
איך האָב זי קיין מאָל נישט געזען די פרעמדע פרוי
און ווייס נישט: זענען אירע אַפּלען נאַכטיק־טיף און גרויס,
צי קאַיאָריק־טויִיק בלוי.

נאָר נאָענט, נאָענט זענען מיר אַזוי,
איך און די ווײַטע פרעמדע פרוי:
אירע אַפּלען טרינקען אויס מײַן ליד
ביז די טיפסטע, שטילסטע דנאָען,
און מיטן ליד — מײַן וואַלד, מײַן טײַך, מײַנע ניינען און די יאָען...

און בעת זי הייבט זיך אויף און נעמט אין צימער שפּאַנען,
שפּאַנען נאָך מיט איר — די שטערן מײַנע, די בערג און לאַנען.

אויסטערליש! ווי פול און טיף זי אָטעמט מיט אַלע ריחות פון מײַנע סעדער,
און פון אירע ליפּן טריפט דער זאַפט פון יענעם רויטן עפּל,
וואָס די מאַמע פלעגט מיטגעבן, קינדוויַיז, מיר אין חדר...

נאָוועמבער, 1962

## וואָס וועל איך לאָזן דיך אַרבן, מײַן קינד?

א

קינד מײַנס, וואָס וועל איך לאָזן דיך אַרבן?
אַלע שטעט און גערטנער מײַנע, אַלע ריחות און פאַרבן,
האָט דער מלך פראָסט אַרײַנגעמאָלן אין זײַנע קרישטאָלענע שויבן.
איצט גליווערן אַלע: גערטנער, אָזערעס, שטעט, מענטשן, שפּאַרבערס און טויבן.
צי קענסטו, קינד מײַנס, פאַרשטײן דעם ווינטערס בריליאַנטענעם לשון?
אין שנײיִקער פּראַכט קײן ליפּ טוט קײן ריר זיך,
אַלע ליפּן און אַפּלען פאַרשלאָסן.

אויפן פּריפּעטשיק ברענט נישט קײן פײַער,
אין שטוב איז נישט הייס.
אפשר לערנען דיך קרישטאָלענע אותיות
פון אַ שנײיִקן אַלף בית?...

ב

זע מײַן קינד, דער שנײבאַרג — דער אַמאָליקער קאָסעווער קלעזמער,
אין אַ דערשראָקענער לבנה אָנגעלענט,
לײגט צו זײַן טויטן פידל צום אויער,
וויל זיך דערמאָנען ווי אַמאָל האָט דער פידל געוויינט...
אַ ווינטער־ווינט — דער געוועזענער מקובל פון סטרי,
פאַרהילט אין פאַרוויאַנעטן גראָז,
זיצט אין דימענטענעם קיטל פון שניי
און פרוּווט אָפּריכטן חצות.
נאָר דעם לעצטן אות פון לעצטן קאַפּיטל תהילים,
פאַרגעסן ער האָט.
וויל ער רופן, פראָסט, דעם פאָטער אין הימל —
געדענקט ער נישט דעם נאָמען פון גאָט...

ווי און ווינד! ווי פאַרזשאַווערטע הדסלעך, אָן ריחות,
זשאַווערן אין הײלן־טיף די מעת לעתן.

ווײַל ער וויינען אויפן חורבן, דער מקובל פון סטרי,
האָט ער אַפּילו די צורה פון אַ טרער שוין פאַרגעסן...

ג

געבליבן בלויז ווערטער, ווערטער, ווערטער!
אַ מלך איז דײַן פאָטער, מײַן יורש,
אַ קעניג איבער אַ פאָלק פון ווערטער!
אויף זײַן מירמעלנעם פערד רײַט דער מלך פון ווערטער,
רײַט און רײַט און שטייט אויף איין אָרט אין געווימל פון ווערטער.
שרײַט דער מלך: ווי צו מיר, גאָט, ווײַז דעם וועג מיר אין טומאַן פון ווערטער!
שטומט מיט אַ פחדימדיק שטומעניש דער גאָט פון די ווערטער.
אַלע מזלות גליווערן ווי בריליאַנטן אויפן טויטן האַלדז פון ווערטער,
אַלע אָזערעס פרירן ווי טויטע אַפּלען אין שאַרבן פון ווערטער.
סאַראַ משוגענע שיינקייט אין מלכות פון טויטע ווערטער.

ווײַל דער מלך קלינגען, ווי אַ הויפנאַר, אין גלעקער־מיץ פון ווערטער,
גליווערן די גילדענע גלאָקן דערשראָקן אין תוהו ובוהו פון ווערטער.
ווער וועט ראַטעווען, ווער וועט ראַטעווען אונדז אין דולהויז פון ווערטער?
יורש מײַנער, וואָס וועט לאָזן אַרבן דיך, דײַן פאָטער, דער מלך פון ווערטער?

יאַנואַר, 1963

## לערנט דער פּאָעט

א

לערנט דער פּאָעט: ווי דאָס זויגקינד זײַ — עס פֿאַרזשמורעט די אויגן אין זיסן געציטער,

טוליעט זיך צו שמעקנדיקער גלידער־וועלט און ווייסט נישט, אַז איר נאָמען איז „מוטער".

טוליע זיך אויך אַזוי צו די זאַכן פֿון וועלט, נאָר רוף זיי נישט אָן בײַ דעם נאָמען,

טוליע זיך צום „בלויען־פֿליִער" און זאָג נישט „ווינט", קוש די ראָסע־בעכערס און זאָג נישט „בלומען",

וואָרעם „נאָמען" איז שטײַג, אין וועלכער די זאַכן ווערן קראַנק און פֿאַרגעסן דעם שׂכל פֿון פֿליִען.

„נאָמען" איז וואַזאָנען־טיגל, אין וועלכן די געוויקסן פֿאַרגעסן דעם תּענוג פֿון בליִען...

לאָמיר זײַן דאָס גרויסע געשטערן וואָס שאַלט צום באַשאַפֿער, נאָר ברענגט נישט זײַן נאָמען אויף ליפּן;

ווי דער מײַסטער וואָס האָט חוהן אויסגעשניטן פֿון אָדמס ריפּן,

לאָמיר שנײַדן פֿון אונדזער פֿלייש און ביין די שמעקנדיקע לידער —

אָדם האָט נישט געוווּסט פֿון נאָמען „ווײַב",

נאָר זײַן גוף האָט געטרונקען ווײַב מיט אַלע זײַנע גלידער.

ב

און אַוועק איז דער פּאָעט אין דער מידבר,

כּדי ווי דאָס גראָז אויפֿן שטיין,

זאָל דאָס לעצטע אַלטע וואָרט פֿאַרדאַרבן און פֿאַרגיין...

און געווען איז עס אין צענטן טאָג,

איז דער פּאָעט שטיין געבליבן און דערזען

רונד־אַרום, אַ בית־עולם פֿון ווערטער און קלאַנגען.

איז ער געשטאַנען אַזוי ביזקל די זון איז איבער זײַן קאָפּ פֿאַרגאַנגען,

און אויף דער לעצטער מצבֿה האָט דאָס לעצטע אות זיך פֿאַרלאָשן.

און מיט אַ מאָל האָט ער אין דער גוואַלדאָווגער שטילעניש דערהערט רעגענען.

דעם ערשטן רעגן פון יונגן פרישן לשון...
איז ער אַ נאַקעטער געשטאַנען, דער פּאָעט, אין פלייצעניש פון קלאַנגען און טראַפן,
און געדוכט האָט אים: ער איז נחס תיבה און אין זײַן טיף —
פּאָרלעד, פּאָרלעד פון עפּעס, וואָס דאַרף זיך אַליין נאָך אַ מאָל באַשאַפן...

יולי, 1963

## כמעט אַ לעגענדע

א

חצות ווערט מײַן הויז מגולגל אין שלײַמיקן ים־גראָז.
איך שווים צווישן כוואַליע־ווענט, און פון יענער זײַט געשליפענעם גלאָז
יאָגן ליכט־געשפּאַנען מיט באַפליגלטע כמאַרע־פערד.
דערינען הויערן מײַנע אור־פאָטערס מיט בלויע לבנה־בערד.

זיי ווייסן נישט, אַז איך, זייער אוראייניקל, ליג מיט פאַרווײנטע אויגן
און טו פון דער ים־מלכּהס שופּענע ברוסטן — מילך פאַרפרוירענע זויגן.
דער ים־מלכּהס בויך איז מיר פרעמד, און גרויליק אירע גראָז־שלײַמיקע גלידער,
פון דעסטוועגן רוף איך זי „מאַמע", און אירע קינדער רוף איך „ברידער".
— ביסט דאָך אַ ים־געבוירענער, לאַכן צו מיר די ים־טעכטער — צי איז נישט
דײַן היים דער ים?
זיי ווייסן נישט, אַז אַ געטער־זון בין איך, אַרויסגעפאַלענער פון שטערן־געשפּאַן.
איך געדענק נישט מער ווי אַזוי, נאָר די ים־מלכּה האָט בײַם ים־ברעג, אין
איינעם אַ באַגינען,
אין אַ קליינער ראָזער מושל, אַ דערשראָקענעם פּערל געפונען.
דער דערשראָקענער פּערל דאָס בין איך געווען... אַזוי האָט דער ים־מלכּהס סופר
אויף ים־גראָזן פאַרשריבן.
נאָר דער סוד איז סוד,
עד היום הזה, פאַרבליבן.

ב

ווי דאָס געוואַנט, וואָס דער מלך האָט פאַרלוירן,
באַהאַלט אין זיך זײַן ריח און טעם,
אַזוי היט איך אויף דעם סוד פון מײַן אורשטאַם,
דעם סוד פון מײַן ערב־געבוירן.

מײַנע אור־פאָטערס געדענק איך נישט מער, פאַרוואָר,
נאָר אין מושל הער איך רוישן זייער לשון.

לאַכן די ים־טעכטער מיט שופּענע האָר:
— זעט, ער האָט אין אַ קליינער מושל זיך פאַרשלאָסן!

שווים איך פון מושל אַרויס און מײַנע פלוס־פעדערן
פּאַטשן די כוואַליע־בערג: געשווינד, געשווינד!

ווי קומען צו מיר שלײַמיקע פלוס־פעדערן?
ווער האָט אַ געצערטלט געטער־קינד
פאַרוואַנדלט אין אַ פיש־גוף?
אוי, ווי מיך שווידערט פון מײַן אייגענער שופּן־הויט,
און פון מײַנע טשודנע פיש־געוווינהייטן!
איך פאַרשלינג אַ ווערעמל און אַ קרישקע ים־ברויט...
אוי, צי בין איך אַ פיש, מיט אַלע פיש גלײַך, געוואָרן?
איז דאָס שלײַמיקע ים־גראָז מײַן היים?
דאָס איינציקע נישט־פישישע אין מיר איז די טרער־קנאָספּ,
וואָס צעוואַקסט אין אַ בוים פון געוויין...

ג

פּאַר טאָג ווערט מײַן הויז מגולגל קריק אין ערד. איך קלעטער פון נעפּל געהיים.
מײַנע פלוס־פעדערן פאַלן אָפּ און אויך די שופּן, דער פיש־עק און אַלע פיש־גרוילן.
איך ציטער אויף קריק אין מײַן מענטשן־גוף, נאַקעט־הוילן.
— גוט־מאָרגן, קוועל איך צו דער מענטשן־שטאָט, טרינק זי מיט דאָרשטיקע אָפּלען,
ניוכע מיט מײַנע נאָז־פליגל, אַלע מײַנע רמ״ח מענטשן־גלידער צאַפּלען —
אַ שוועסטער וויל איך דערקענען, אַ ברודער... נאָר ווײ מיר, וויי, ווי צווישן פיש אין ימיקע גראָזן
בליפּעט אויך דאָ, מבולבל, מײַן אַליינקייט. איך הויער איינינקער אַליין און פאַרלאָזן.
און ווידער פאַרקריך איך אין מײַן ראָזער מושל ווי בײַ נאַכט אויף דנאָען פון ים.
מײַן היימלאַנד איז די מושל, אין איר וווינט דער ריח און טעם

פון מײַנע אור־פּאָטערס וואָלקן־פערד און זייער שטערן־געשפּאַן.
לאַכן די מענטשן־טעכטער אין מיטן מאַרק:

— זעט, ער האָט אין אַ קלײנער מושל זיך באַהאַלטן, דער תּם!
אַהאַ, זיי ווייסן נישט, אַז מײַן קלײנע מושל איז גרעסער פון דער וועלט!
אוי, איר נאַרישע ערדן־מײדלעך, מטורפע מענטשן־טעכטער!
ווי אַרום אַ צירק האָבן זיי זיך אַרום מײַן מושל אויסגעשטעלט:
אַ לץ בין איך פאַר זיי, אַ צירק־קלאַון! לאַכן זיי און איך —
טוליע זיך צו ראָזע מושל־ווענט און וויין,
וואָרעם שוין הונדערט־צוואַנציק־טויזנט־יאָר,
בין איך פאַרוואָגלט פון מײַן היים.

מײַ, 1963

## געזאַנג צום געזאַנג

אַברהם סוצקעווערן — צו זײַן יובל

מלכים טוען די קרוינען אָן מיט בליאַסקענדיקן שטאָלץ.
בטלנים זוכן אין בוזעם־קעשענע דאָס טאַבעק־פּושקעלע
פון פּראָסטן דעמבענעם האָלץ
און געפינען אַ קרוין... שמוכען זיי עניוותדיק פֿאַרשעמט
און באַהאַלטן זי צוריק לעבן גרויען פּראָסטן העמד,
און טוליען די שאָפּענע קעפּ צו די פֿאָליש־ווענט און קושן דעם אַלטן מאָד,
וואָס שמעקט מיט ברונעם און וואַלד און עפּעס מערער נאָד.
און זיי קוועלן, די קינדער מיט די לאַנגע אַלבאַסטערנע בערד,
און שפּאַנען מיט צעריסענע שיך איבער גאָטס נאַקעטער ערד.

דערקענט זיי קיינער נישט. בלויז חדר־ייִנגלעך עפענען די אַפּלען מיט געשטוין.
זיי זעען: אונטער גרויע כאַלאַטן בליצט גינגאָלד פון קרוין...

אין די געדיכטע וועלדער שטרעקן די בטלנים די הענט אויס צום שענסטן בוים
און נעמען אַראָפּ די בלויע סאָלאָווייען, וואָס שלאָפן צווישן
בריליאַנטענעם געבלאַט,
טוען אויף זייערע פליגלען די קרוינען אָן און זינגען אַ געזאַנג צום געזאַנג,
וואָס קערט אַהיים פון נע־ונד.

אַ געזאַנג צום געזאַנג וואָס איז ברויט און איז זאַלץ און במילא — קרוין־איבער־
קרוין.
געזאַנג — אונדזער פּראַצע, אונדזער גורל, אונדזער לוין!

און זיי שמוכען די קינדער מיט די לאַנגע אַלבאַסטערנע בערד
און קושן דאָס געזאַנג, וואָס קיניגט איבער וואַלד, איבער טײַך, איבער הימל
און איבער ערד
פון אייביק ביז אייביק לעולם ועד!

1963

## קלמן צבי

א

מילא, זאָגט קלמן צבי, ס׳איז אַוודאי נישט קיין פּלא,
אויב איך קען נישט באַנעמען און פאַרשטיין,
וואָס סע טראַכט, אין דער מערת המכפלה,
דאָס אַלטע פאַרטריקנטע ליים,
און ס׳איז אַוודאי אויך נישט קיין פּלא,
אַז איך קען צום מוחל פון אַ מילב נישט דערגיין.

אָבער, למה, פאַר וואָס ווייס איך נישט מאי קא משמע לן קלמן צבי?
אַליין בין איך דאָך קלמן צבי פון דער הייליקער שטאָט בראָד,
איך, איך אַליין קלמן צבי, פליגל־פלי,
יאָסל דעם בעדערס בנאָק,
דער זעלביקער קלמן צבי, וואָס פלעגט יעדן אינדערפרי
רייַטן, קינדווייַז, אויפן ציגנבאָק.

דערנאָך בין איך נאָכגעלאָפן שיקסעס בייַ דער ווינטמיל,
שפּעטער געוומען מייַסטערווען אַזאַ מין געוועוק,
וואָס זאָל קענען טראָגן מיך אויף זייַנע פליגל
איבער וועלדער, פעלדער און בערג.

פון דער מאַשינעריע איז גאָרנישט געוואָרן,
נאָר אין מייַן אייבערשטיבל דרייט זיך אַ מאַשין,
און זי זשומעט מיט אומעט, אַלע יאָרן,
ווי אַ ווילדע פאַרבלאָנדזשעטע בין:

צו וואָס האָט אַ ייִדענע דיך, קלמן צבי, געבאָרן?
כּדי זאָלסט נע־ונדעווען און נישט וויסן וווּהין?

ב

צו וואָס איז געגליכן די וועלט? אַוודאי צו זיך אַליין.
זי הייבט זיך אָן מיט גאָט און טוט אַזוי דורכן חומש גיין.
נאָר חומש איז חומש און קלמן צבי איז קלמן צבי,
ס'איז אים אומעטיק שפּעט־נאַכט און אומעטיק גאַנץ־פרי.

צווישן די גרויסע שטערן־ביימער,
הענגט די דראָבנע ערדענע וויג.
איַי־ליו־ליו. אָדמל דער קליינער
וויגט זיך דאָרט הין און צוריק.

אָדמל, ווער איז די מאַמע דיַינע,
וואָס האָט אין מיטן נאַכט און פראָסט,
אַזאַ ייִנגעלע אַ קליינעם,
אַליין אין וויגל געלאָזט?

— איך ווייס נישט ווער ס'איז מיַין מאַמע,
כליפּעט קלמן צבי,
ס'איז מיר אומעטיק שפּעט־נאַכט
און אומעטיק גאַנץ־פרי.

ווי זשע נעמט מען, רבותי, אַ שליטן,
אַרויסצושליטלען זיך פון אייגן געביין?
אוי, שנייען שיטן, שיטן און פאַרשיטן.
און קלמן צבי ווייסט דעם וועג נישט אַהיים.

יאַנואַר, 1964

## צניעותדיקע גאווה

צי ווייסן די ייִדישע לידער־שמידער
אַז געגליכן זענען זיי צו געטער אין אַ דור אַן אַפּטריניקן.
קיינער דאַרף זיי נישט און במילא
בויט מען זיי קיין טעמפּל נישט קיין שטייניקן,
און במילא דאַרפן זיי נישט זיצן איבער רויכעריקע מזבחות
מיט לאַכנדיקע נעזער אין גאווהדיקער קליינקייט,
און גלאָצן צו די נאַרישע פֿײַערן,
וואָס דאָס ערב־רב דעמפט פֿאַר זיי אין טעמפּקייט.
פֿאַרוואָר, אין שטערן־קאָטשן, אין אין־סופיקער אַליינקייט,
מיט זיך אַליין, פּראַווען זיי דעם יום־טוב
פֿון שיינקייט לשם — שיינקייט...

נאָר גאָט, ברוך הוא, וואָס איז ענלעך צו זיי,
אין זײַן גוואַלדאָוונער אַליינקייט ענלעך צו זיי,
שיט איבער זיי ווײַסע בלומען פֿון שניי,
ביז ס'ווערן שנייבלומען די גלידער
פֿון די ייִדישע לידער־שמידער...

מאַרץ, 1964

# אַ ליד צו ניקיטאַ

ניקיטאַ, פּאַסטעכל מיט לעמער ווײַס,
געדענקסט מײַן זיידן נאָך בײַם דניעפּער?
אַ צעפליגלט־ווײַסער גרײַז,
אין אַ לבנה־נאַכט, אַ בלוי־פאַרשנייטער.
ער האָט אויסגעהאַקט אַן „אויג" אין פראָסט
און אין כוואַליעס, צו טבילה, זיך געלאָזט,
אַ תמימותדיק־דערפרייטער...

ס'האָט דער זיידע געריייניקט, אינעם דניעפּער־טײַך,
קאַיאָר, זײַן אָרעם פלייש און ביין,
ער זאָל קענען, אַ לויטערער פאַר גאָט,
צו שחרית קומען צו גיין.

האָסטו נישט באַגעגנט מײַן זיידן בײַ דער אַלטער קלויז,
מיט טלית און תפילין, באַגינען?
און אפשר האָסטו זונען־רובינען בלויז
אין שניי אין לויטערן געפונען?

האָסטו געוווּסט, ניקיטאַ, אַז רובינען אין שניי
מײַן זיידנס פאַרפרוירענע טרערן זענען זיי?
האָסטו קיין מאָל נישט געהערט קיין אַלטן ייִדן וויינען?
אַ פּלויט לעבן אַ פּלויט האָבן מיר געוווינט,
מענטשן — שכנים לעבן שכנים.

אפשר געדענקסטו בלויז דעם זיידנס זיבן זין?
איר פלעגט צוזאַמען יאָגן טויבן אין די רוימען.
דערנאָך זענען דעם זיידנס אַלע זיבן זין
אויפגעגאַנגען מיטן רויך פונעם קוימען...

און מײַן באָבען, געדנקסטו נישט? „באַבאַ נאַש״,
זי האָט איין מאָל איבער דײַן בעט זיך אײַנגעבויגן,
און דו האָסט געקוואָלן מיט די אויגן,
בעת זי האָט געשאָנקען דיר אַ „המן־טאַש״.

שפּעטער האָבן היצלעס מײַן באָבען צום ווערבעבוים געבונדן
און זי אָנגעצונדן, ווי אַ בענטש־ליכט ערב שבת...
וואָס זשע אַרט דיך, ניקיטאַ, אַז אין גליל
לעבט דאָס לעצטע אייניקל דער באָבעס?

אַ מקובל איז ער. אָפּגעזונדערט אין גלילער בערג,
גאַרט זײַן זעל צום תוך פון תוכן זיך דערשלאָגן,
כּדי אַן אויסגעלײַטערטער קענען זאָגן
„כּי טוב״ צו גאָטס פאַרשעמטן ווערק...

צי מיינסטו נישט, ניקיטאַ, גערעכט איז דער מקובל?
„פאַרשעמט דאָס ווערק איז פון באַשעפער״,
און ווער, צווישן וועלטס האַרן, איז צו דער פאַרשעמונג נישט קיין שותף?
האַ, וואָס טראַכטסטו ניקיטאַ, געוועזן פאַסטעכל בײַם דניעפּער?

מײַ, 1964

## חמסין

חמסיניקע נאַכט אין צײַטיקע סעדער.
ווי אַ חתונה־בעט שמעקט די מאָכיקע ערד.
ווינטן פּאָפּן ווי תאווהדיקע געטער
און טוליען צו דער גאָטעכע די זאַמדיקע בערד.

צווײַגן־הענט זוכן, אין טונקל, פאַרשלאָסענע קנאָספּן.
בינען ניוכען צום האָניק אין שויס פון געפלאַנץ.
פלאַטערלעך טוליען זיך, אין הייסן כלה־טאַנץ,
און די גאָטעכע איז גוט צו זיי און טוט לאָזן

אַלע, אַלע זאָלן קומען זי באַשלאָפן.
אירע אברים שמעקן מיט דושנעם גלוסט
און הייס איז די פינע־מילך אין איר ערדענער ברוסט,
וואָס הענגט, ווי אַ פולע לבנה, אין אין־סופן.

די פינצטערניש — אַ גאָט־חיה, אורמענעריש־שטײַף,
צאַפּלט, אַרום דער גאָטעכע, צײַטיק און רײַף.

האָריקע וואָלקנס נידערן, אין זייערע אינגעווײדן זיצן
די געטער פון רעגן, דונערן און בליצן,
נאָר אַלע הויערן איצט אין תאווהדיק־סאַפּענדיקן דרימל
און טוליען זיך צום זיסן פלייש
פון דער אור־גאָטעכעס לײַב, וואָס סאָפּעט חמסיניק־הייס
צווישן סמאָליקן תהום און טומאַניקן הימל.

סעפּטעמבער, 1964

## לאַך נישט פון זינגענדיקן מאַן

א

לאַך נישט פון זינגענדיקן מאַן. ווי אַ וואַלד איז ער פּראָסט.
זײַן מאָכיקע באָרד, ביזן גאַרטל, האָט ער וואַקסן געלאָזט,
און ווי זאַפטיקע יאַגדעס, פון קיינעם פאַרזייט,
בליִען די רייד אין זײַן ערדענער פלייט.
צוועלף חכמים זיצן אַרום אין אַ ראָד
און האָרכן זײַן מעשׂה פון מענטשן און גאָט.

פון וואַנען ווייסט ער די מעשׂה? ער געדענקט שוין נישט מער.
יאָרן געשלאָפן אין וואַלד ווי אַ בער.
איצט פילט ער, אין האָריקע אויערן, דעם וואַרעמען הויך
פון מוטערס צעשטערנטן פּנים און איר גראָזיקן בויך.

אירע אויגן־מזלות, ער פילט אין זײַן פלייש זייער גאָלד.
אירע אָרעמס — קאָרענע לאָנקעס. אוי, ווי ער וואָלט זיך טוליען געוואָלט
צו מאַמע־גאָט — דײַן קליין בערעלע בין איך, זאָגט ער,
און זײַנע לאַפּקעלעך צו איר הייסן האַלדז טראָגט ער:
— גלעט מיך מאַמעשי... און זי הייבט אויף אַ טײַך און אַ וואַלד
און גלעט זײַן קליינע דאָרשטיקע געשטאַלט.

ליגט ער מיט פאַרזשמורעטע אויגן פון תענוג, דער זינגענדיקער מאַן,
און לאָזט גיין די שטערנקאָטש איבער זיך און דאָס שיינע געשפּאַן
פון כמאַרע־פערד און די וואַסער־קלעזמער פון כוואַליקן ים.
זײַן מאָכיקע הויט ציטערט פון קוואַליקער פרייד
און עס וואַקסן ווי יאַגדעס, פון קיינעם פאַרזייט,
די שמעקנדיקע רייד אין זײַן ערדענער פלייט.
צוועלף חכמים זיצן אַרום אין אַ ראָד
און האָרכן זײַן מעשׂה פון מענטשן און גאָט.

ב

איין מאָל האָבן די חכמים געזען ווי דער שטראַליקער מאַן
טאַנצט איבער שפּיצן פון בערג און איבער כוואַליעס פון ים,
און ער קלינגט איבער כמאַרישע צימבלען מיט נאַקעטע הענט.
דאָס ליכט פון טאָג רעגנט מיט שטראַלן־קלעזמער אין בלויען געבלענד.
איטלעכעס ליכטקינד שאַלט אויף אַ פידל, אַ פּײַקל, אַ האַרף.
האָבן געפרעגט די חכמים: וואָסער יום־טוב איז הײַנט אין באַשאַף?
האָט גערוישט דער שטראַליקער מאַן ווי אַ וואַלד אַזוי פּראָסט:
— אַ הירשיכע האָט פון איר טראַכט אַ הירש אַרויסגעלאָזט,
אַ וועוועריקע האָט אַ וועווריק געבוירן צווישן בלעטער פון בוים,
און אַ רויג — אַ פישל צווישן כוואַליקן שוים.
האָבן געשאָקלט די חכמים מיט די בערדיקע קעפּ און אַזוי געזאָגט:
— הירשן, וועווערקעס און פיש ווערן דאָך געבוירן יעדע רגע פון טאָג,
וואָס זשע איז דען הײַנט אַנדערש ווי אַלע מאָל?
האָט דער זינגענדיקער מאַן צעגלעקלט זײַן קול:
— וואָרהאַפטיק, יעדע רגע איז אַ ברונעם מיט קוואַליקער פרייד,
צו אַן אייביקער חתונה־נאַכט איז געגליכן די וועלט... עפנט די אויגן און זעט:
לבנה־מיידלעך טראָגן אויף אַלבאַסטערנע טאַצן פאַר די חתונה־געסט
די שמעקנדיקע מילך פון מאַמישע ברוסטן אויסגעפּרעסט.
זע, איטלעכע רגע בײַט מאַמעשי־גאָט איר געשטאַלט:
אַ מאָל איז זי מוטער, וואָס זויגט אירע קינדער אין וואַלד,
און אַ מאָל איז זי כּלה אין דער ערשטער חופּה־נאַכט,
וואָס האָט איר ערדענע ימיק־צעשטערנטע־טראַכט אויפגעמאַכט.
זי איז אי כּלה, אי באַפרוכפּערין, אי געבערערין
און אַליין — די פרוכט, וואָס זי טוט געבערן.
און מיר — אָדמלעך, די ימים, די זונען און שטערן —
זענען די אברים אירע, מיר גלעטן זיך אַליין, מיר שענקען זיך, טוען־זיך־באַגערן.
אָהאָ, זינגט צו דער אייביקער חתונה־נאַכט, זינגט אַ ליבגעזאַנג
צו דער מוטערס באַשאַף, הללויה!

ג

און ס'איז געווען אין אַ פראָסטן רעגנדיקן מיטוואָך,
האָבן חכמים דעם זינגענדיקן מאַן צו אַ גרויסער שטאָט געפירט.
דער רעגן האָט, אויף לאַנגע נאַרישע פיס, איבערן מאַרק שפּאַצירט.
פערד מיט טרויעריקע אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און דערשראָקענע אויערן
זענען געשטאַנען ביי די גרויע שטיינערנע מויערן.
די באַלעגאָלעס אין שענקען, איבער קריגלעך ביר און ברויטענעם פּענעץ,
האָבן געהויערט אומעטיק־נאַס און מיט נאַרישע לעפצן געגענעצט.
ביי די טירן פון קראָמען זענען קרעמער געשטאַנען און מיט טעמפּקייט געגלאָצט,
די שווערע באַהיטלטע קעפּ מיט עצבות אַראָפּגעלאָזט.
האָבן די חכמים גערעדט צום שטראַליקן מאַן אַזוי צו רעדן:
— זע די מענטשן דאָ! איז דאָס די מראה פון חתנים, וואָס גייען דער כּלה אַנטקעגן?
האָט דער שטראַליקער מאַן געעפנט די לעפצן, ווי אַ וואַלד גענומען ברומען:
— ווייי צום בלינדן חתן, וואָס זעט זיין כּלה נישט קומען.
איר חופּה־קלייד פלאַטערט לעבן אים און אירע גילדענע צעפּ,
און ער זיצט ווי אַ בעטלער אויף ליימענע טרעפּ.
האָבן די חכמים ווייַטער געפרעגט: פאַר וואָס שטראָפט מאַמעשי די חתנים מיט בלינדשאַפט?
האָט געטייעט דער מאַן: וואָרעם ס'האָט האָלט איר אייביקע קלוגשאַפט דעם פלאָנטער פון שפּיל. אין שפּיל פון זוכן איז באַטעמטער דעם חתן די כּלה...
די מאַמע לערנט אונדז שפּילן... אַלע שפּילן מיר, אַלע.
נאָר ווייי צו דעם, וואָס קען נישט די קונץ פון „כּלה־געפינען",
אַפילו דאַן ווען זיינע אויגן זענען מיט אַ שלייער פאַרבונדן.

ד

אַ דריט מאָל האָבן די חכמים דעם מאַן צו אַ הייזקע געפירט.
אַ זקן, ווי אַ שניימענטש, האָט אין טויטפּראָסט געפרירט.
זע — האָבן די חכמים געזאָגט — דאָס איז דער מענטש? און אַזוי די טיף פון זיין פראַכט?
צי קען מען גלייכן דעם אָדם צו אַ חתן אין חתונה־נאַכט?
האָט גערוישט דער מאַן ווי אַ וואַלד אַזוי פראָסט:

— פֿאַראַן אויך אַ חופּה אין מירמעלנעם פּראָסט,
דאָס קנס־מאָל פֿון פּראָסטבערג מיט לבנהשן ליכט...
זעט, אויפֿן טויטנס פֿאַרפֿרוירן געזיכט,
דעם יום־טוב פֿון רו. מאַמעשי נידערט צום זקן־קינד,
וואָס באַהעפֿט זיך מיט מלכּה־שבת אַצינד...

— — — — — — — — — — — —

לאַכט נישט פֿון זינגענדיקן מאַן. ווי אַ וואַלד איז ער פּראָסט.
זײַן מאָכיקע באָרד, ביזן גאַרטל, האָט ער וואַקסן געלאָזט.
און ווי זאַפּטיקע יאַגדעס, פֿון קיינעם פֿאַרזייט,
בליִען די רייד אין זײַן ערדענער פּלייט...

1965

## צום פופציקסטן געבוירן־טאָג פון אַ פּאָעט

יאָרן קלייַבן פּורפּור־עפּל
פון עץ הדעת. ווערן ווערטער קלוג
און פאַרשעמען זיך, ווי אָדם און חוה,
פאַרן בורא, מיט זייער נאַקעטקייט...

דער בשׂמים־דופט פון פייַגן־בלעטער
אָטעמט איבער דייַנע טוונגען.
איצט רוען אַלע תאוות דייַנע
ווי בערג פאַרהוילענע אין נעפּל פון אָוונטליכט.

נישט ווי דער סטעפּ־ווינט נידערסטו אַצינד
צו די טעכטער פון דער ערד,
נייַערט ווי אַ שטערן, וואָס קומט קושן
דאָס לייַב פון אַ טייַך אין וואַלד־געדיכט.

צווישן דיר און זיי
שפּרייט זיך די שטילקייט פון וואָרט,
וואָס וואַגט נישט זיך־אַליין־אַרויס־צו־רעדן...

די אָדלערס לאָזסטו שלאָפן אין פעלדזן־נעסטן,
לערנסט זיי דעם שׂכל —
„חלומען פון פלי״...

דייַנע טעג שאַלן נישט מער
ווי רייַטוועגן,
וואָס יאָגן אייַננעמען די וועלט.

די וועלט אַליין איז געקומען,
אַ קלאַפּ געטאָן אין שויב

„אַט בין איך",
איצט טוליעסטו דײַן אויער צו איר,
הערסט קלאַפּן איר האַרץ.

שטיל, ווי בײַ אַ שוואַלב,
קלאַפּט דאָס האַרץ פון דער וועלט,
שטיל, ווי די זאַפּטן אין אָדערן
פון אַ קליינער בלום,
רוישט דאָס בלוט אין האַרץ
פון דער וועלט...

אַזאַ ווונדערלעך־קליין־שטילע־וועלט...
אַפילו די פּראָסטע זעקס טעג פון דער וואָך
אַנטלויפן פון די מאַרקן
און פאַרזשמורען שבתדיק די אויגן
אין זיך טיף־אַרײַן:
דאָרט זענען טײַכן מער טײַכיק,
וועלדער מער וואַלדיק,
הימלען מער הימליק...

אַוודאי, אַז יאָרן קלײַבן פּורפּור־עפּל
פון עץ הדעת, ווערן ווערטער קלוג,
קליגער פון קלוג!

פעברואַר, 1965

## איך ווער נישט בטל

פּאַטוס, פאַר דײַן אומענדלעכער מאַיעסטעט
איך ציטער נישט און ווער נישט בטל.
זע, פון אונטער דײַנע טריט שווימט מײַן פלייט,
און ווי אַ שטאָלצער רײַטער שפּרינגט זי אויף דײַן זאָטל...

דו דרייסט, טעמפּ, דײַן קאָפּ מיט חיהשן געבריל
און מאַכסט אַלע מזלות אונטערטעניק.
נאָר אויף דײַן זאָטל מײַן שפּילפויגל האָפּסלט: „איך וויל",
און ווער קען אויפשטיין קעגן רצון פונעם קעניג?

זע אַ נס: מײַן שפּילפויגל באַשאַפט פון טראַפּן אַ געשפּאַן,
מילד ציט ער די לייצעס, דער מלך פון ווערטער.
און געהאָרכזאַם, ווי אַ קעמל, שפּאַנט פּאַטוס אין געשפּאַן
אַהין, וווהין מײַנע ווערטער ווײַזן אים די ערטער...

אפּריל, 1965

## איך האָב ליב

איך האָב ליב די אויסטערלישע חיה — מײַן לעבן,
וואָס טראָגט מיך פון סוד צו סוד.
איר פאַרטײַעט שווײַגן איז קלוג ווי גאָט,
וואָס האָט דעם צייכן צו דער נסיעה געגעבן.

אַזאַ ניסתרדיק טונקל פאַרטרויען
אָטעמט אין טיף פון מײַן האַרץ,
אַזוי גרייטן זיך זאַפטן רויע,
אין בוים־טיף צו ווערן קאַרש.

די שאָטנס אין טונקלען געבלעטער
זענען קליגער פון נאַקעטן ליכט —
זיי פאַרהילן, אין קנאָספּישן בעכער,
פון דער פרי דאָס וואָרע געזיכט...

רײַט ער ווײַטער
דער טונקעלער רײַטער,
די ליפּן מיט חכמה פאַרפרעסט.
און עס קלעטערן פון בלעטער
און קרײַטער —
ריחות — אומגעריכטע געסט.

וואָס רעדן ביימער און שטיינער?
וועמענס זענען די טריט?
קיינער, קיינער, קיינער
ווייסט עס נאָך נישט.

ווי אַ פאַרשלאָסענע קנאָספּ
שמעקט ערגעץ אַ טיר.
די פאַרטײַעטע חיה
טראָגט מיך צו איר.

יוני, 1965

## פֿאַרשפּאָרטער אומוועג

אַלעקסאַנדער,
צעזאַר, באָנאַפּאַרטע,
הוי, ווי זיי האָבן געגעטערט
און געקלעטערט,
פעלדזיק־האַרטע,
אײַנגעשפּאַרטע,
פון זיג צו זיג,
ביז זיי האָבן דעם לעצטן קריג
פֿאַרלוירן.

איך האָב קיין מאָל נישט געזיגט —
אַ באַזיגטער, אין מײַן וויג,
איך בין געבוירן...

הוי, ווי קלוג
איך האָב פֿאַרהיט
מײַן קורצן גאַנג
פון צעזאַרס און נאַפּאָלעאָנס
אומוועג, צום אונטערגאַנג...
איך האָב בײַם אָנהייב שוין
פון מײַן טרויעריק גיין,
מיט קילקייט,
געלאָזט דעם גורל, מילד
מאָלן מײַן באַשיידן בילד,
מיט די פֿאַרבן פון גאָטס שטילקייט.

יולי, 1965

## מאָדערניסטישע כללים

א

מיר זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין ליידיקן רוים,
פון הונדערט־פופציקסטן שטאָק.
נישט פֿאַראַן דאָ קיין וואָלקן, קיין בוים,
נאָר ווי שטילקייט אין אַ פֿאַרגליווערטן גלאָק
שטומט דער חלל מיט אַפּלען פון שטאָל:
זענען געפלויגן דאָ לעבעדיקע פייגל אַמאָל?
האָט אַ קינד געוויינט דאָ: „מאַמעלע!"
וואָלט איין טרער נאָך פֿאַרבליבן,
וואָלטן אַלע, אין חלל אַרײַנגעפֿאַלענע,
אַרום דער איינציקער טרער זיך געקליבן...

נאָר דער געניוס פון מירמלשטיין
האָט דעם לעצטן טראָפּן געוויין
אין אַ מאַטעמאַטישער פֿאָרמול פֿאַרשריבן.

ב

אין־סוף פון געאָמעטרישע ליניעס.
איך בין ליניע נומער „אַזוי־פיל־און־אַזוי",
איך בין געווען אַמאָל „מענטש",
ליב געהאַט שטערן, טײַכן און אַ פרוי.

הײַנט ווייס איך: עמאָציעס זענען כעמישע שטאָפן,
וואָס האָבן אין געפעס „איך",
צײַטווײַליק, צונויף זיך געטראָפן.
און נאָך ווייס איך לאָגיש־פערפעקט:
אַלע גריבלענישן, אין מוח־געשפּין,
זענען אַ פועל־יוצא פון אַ דעפעקט
אין דער רעכן־מאַשין,

וואָס דער גרויסמייַסטער
פאַרגעסן האָט פאַרריכטן.
צוליב אַזאַ ענלעכן דעפעקט
האָט — די געאָמעטרישע ליניע — מייַן שכן
אָנגעהויבן דיכטן...
איצט האָט מען פאַרראָכטן דעם דעפעקט,
לויט די מאָדערניסטישע כּללים:
דער גרויסמייַסטער האָט מיט אַ פּינצעט,
פון געוועזענעם פּאָעט
אַרויסגעצויגן די לעצטע זערנע חלום...

אויגוסט, 1965

# אַ פּאָעט אין מושב־זקנים

זײַן קאָפּ איז גרוי ווי בײַ אַלע זקנים,
און ווי בײַ אַלעמען געבויגן זײַן איידעלע געשטאַלט,
נאָר דער איינציקער איז ער אין מושב־זקנים,
וואָס צעפּראַלט דעם טויער צום אייביקן וואַלד.

ער הייבט זײַן האַנט מיט סטרוניקע פינגער
און רײַסט פון צעצוויטעטן בוים אַ פּורפּורנע קאַרש,
ער עפנט פון פּירות דאָס זאַפטיקע האַרץ,
מיט צניעותדיק־פאַרטײַעטן הונגער.

און זע, אַ וווּנדער: ווי אַ חלום־געשטאַלט, פון פאַרכּישופטן שפּיגל,
פלאַטערט פון קאַרש מיט צעבלעטערטע פליגל
אַ סאָלאָוויי. און מיט פאַרהוילענער שיינקייט
עפנט ער דאָס פאַרריגלטע האַרץ פון דער שטילקייט.

און פּלוצעם האָרכט זקן, מען רופט דאָרט זײַן נאָמען.
דין און לופטיק דער רוף, ווי ריח פון בלומען;
אַ ריח פון רויזן, וואָס געבליט האָבן אַמאָל אין קינדישע יאָרן,
בעת מיטן זיידנס קאָטש ער איז אין באַרג־וואַלד געפאָרן...

בלאָנדע פּאַסטושקעס מיט פלויערס אויף באַרגיקע שטאַפּלען...
וואָס זשע שפּאַנען, אין וועלדער, זקנים מיט פאַרשלאָפענע אַפּלען?

און ער, דער פּאָעט, אין איינעם מיט אַלע זקנים.
און ווי בײַ אַלעמען געבויגן זײַן איידעלע געשטאַלט.
נאָר דער איינציקער איז ער אין מושב־זקנים,
וואָס לעבט דאָס לעבן פון אייביקן וואַלד...

סעפּטעמבער, 1965

## בילדער־שפּיל

א

אויף אַלע וואָלקן־פערד
רײַט איך מיטן רעגן
און מאַך פרוכטבאַרן די ערד
פאַר קינדס־קינדער וועגן.

נאָר פאַר מיר אַליין
בלײַבט פאַרבאָרגן
די מראה פון געביין,
וואָס צײַטיקן וועט מאָרגן.

גוט איז מיר: מײַנע אַפּלען, מיט ליבשאַפט,
ווי פאַרשלאָסענע בלעטער,
היטן מיט דין־דינער קלוגשאַפט
עמעצנס קלעטער.

איך בין, בײַם וואַלדראַנד, דײַן פאַרריגלטע טיר.
און אַלײַן לויש איך מיט גאַפנדיקער מילדקייט
צו דער אין־סופיקער טונקעלער שטילקייט,
וואָס הויערט אונטער מיר...

ב

אַזוי ווי דאָס פּנים פון געשטערן
אין רקיעשע פּמליות
גאַפט אויפן געזיכט פון געשטערן,
אין טײַכישע כוואַליעס,
און ווייסט נישט:
„זענען זיי דאָ צי דאָרטן?"
אַזוי גאַף איך, פאַרחידושט מילד,

אויף מײַן שטילן שפּיגלבילד,
וואָס דײַן חכמה האָט אויסגעשפּינט
און אין דײַן בילדער־שפּיל פֿאַרפּלאָנטן...

אָקטאָבער, 1965

## לאָז נאָך אַ רגע דעם בוים

דעם בוים פאַר מײַן שויב —
האָט דײַן ליבשאַפט צעבלעטערט.
ס׳האָט דײַן רחמים די טויב
אויסגעטראַכט, און דאָס ייִנגל וואָס קלעטערט.

איך דערקען זי די טויב אין איר פלי
און דאָס קינד מיט די גילדענע קרויזן,
די בורשטינענע בין גלי־גלי
אין פורפור־בעכער פון רויזן.

ס׳פעלט נאָר: אַ לײַטזעליקער שפרונג
אַריבער פינף צענדליק יאָרן.
הוי, קלאַנג־קלאַנג־קלינג,
מיר קומען אין באַרג־וואַלד צו פאָרן.

דער זעלביקער בוים ווי אַמאָל
און די זעלביקע טויב פון אַמאָלן.
איצטער, זײַ גנאָדיק און זאָל
דײַן ליבשאַפט נאָך אַ מאָל מאָלן

באַרג און טײַך און וואַלד
מיט יענע פרישע ערשטע קאָלירן,
און אַנטלײַ נאָך איין מאָל קריק די געשטאַלט
פון יענעם ייִנגל, וואָס די מאַמע פלעגט פירן

פאַרן הענטל צום קאַרשנבוים, איבערן פלויט,
און פאַרטרוי דעם ווינט זײַן טשופרינע.
אַזאַ פחד ריזלט אין מײַן מידער הויט
פאַרן אַלטוואַרג־קלײַבער, אויף יענער זײַט בינע...

פאַרשטאָפּ מײַנע אויערן מיט קאַרשן פון בוים,
מיט פייגל־געסווישטש און קינדישן לאַכן:
איך וויל נישט הערן ווי אין ליידיקן רוים
שרײַט ער: „אַלטע־אַלטע־זאַכן!...״

לאָז נאָך אַ רגע דעם בוים פאַר מײַן שויב
און דאָס בלאָנדע ייִנגל צווישן קאַרשן מיט ראָסע...
איך וויל יונג און בלאָנד, אין די הענט מיט אַ טויב,
גיין אַנטקעגן דעם מאַן מיט דער קאָסע.

דעצעמבער, 1965

## איידער־איידער

א

ווּ האָט געוווינט דער בליץ
איידער גאָט האָט באַשאַפן די כמאַרע?
ווּ האָט געאָטעמט זעל פון פלי
איידער געבורט פון פויגלשער מראה?

ווּ האָט דער ניגון געהויזט
איידער מ׳האָט אָדמען פון ליים געקנאָטן?
דאָרטן, דאָרטן איז מײַן הויז,
און דאָרטן — מײַן גאָרטן.

ב

פאַר וואָס לאָזן מיר שיפן מיט רגעס
פון הוד שבהוד,
זעגלען צו ברעגעס
פון נאַקעטן טאָג,
אַז טיף־נאַכט
איז אונדזער אייביק געהויז,
און שטילעניש —
אונדזער מאַמעלאַנד?

פאַר וואָס אַנטלויפן מיר
פון היימלאַנד
צום פרעמדן געמאַרק
פון ווערטער?

פאַר וואָס יאָגן מיר
דעם חלום,
אײַנגעשלאָפענעם,
אין אונדזערע אָרעמס,

דעם כּלה־שלאָף,
און לויפן צו זונות
פון וואַך־זײַן?

ג
יעדעס וואָרט, קוים אַרויסגעזאָגט,
וואַקסט אויס
גרויס
ווי אַ מויער
צווישן מיר און מיר.
ווי אַזוי וועלן מיר
דערהאָרכן אונדזער קול
דורך פרעמדע מויערן?

יעדעס וואָרט, קוים אַרויסגעזאָגט,
פאַרוויקלט מיט ווילדגעוויקס
די טויערן
צו מײַן איינמאָליק פּנים.

פאַר וואָס שטעלן מיר אויף
ווערטער־חיילות
קעגן מאַמעמילך
פון חלום
אויף אונדזערע ליפּן
וואָס גאַרן נאָך שטילקייט?

ד
איידער דער טאָג האָט גענומען טאָגן,
האָט דער מעזשבישער אָנגעהויבן ווידוי זאָגן,
נאָר די הייליקע ווערטער ווי בערג
האָבן זיך געשטעלט צווישן בורא און זײַן געווערק.

האָט פון פחד געגומען ציטערן דער גוסס:
אַלע ווערטער און אותיות,
יעדער טראַף, ווי אַ ליימענער גולם,
שטייט צווישן אים און רבונו־של־עולם.

איז אַרויסגעפאַלן דאָס ספר פון ציטערדיקער האַנט.
דעמאָלט האָט זיך באַוויזן דער בעל־שם־טוב
אין אַ ווײַסן וואָלקן־געוואַנט.
— ברוכל, האָט דער בעל־שם־טוב געזאָגט,
ברוכל מײַן קינד,
אַפילו דאָס הייליקסטע וואָרט,
פון הייליקסטן ווערטער־געזינד,
איז חומר און טעות־שפּילעניש.
קום, מײַן קינד, קריק
צו דער ערשטער שטילעניש,
וואָס האָט געקיניגט נאָך איידער גאָט
האָט באַשאַפן דאָס ערשטע וואָרט.

און דער בעל־שם־טוב האָט געעפנט
דאָס פענצטער צום גאָרטן,
צום גאָרטן פון יענער־זײַט־דאָרטן:
—ביימער און גראָזן האָבן נישט קיין פנימער,
קיין געזיכטער נישט — די פּירות.

מאַך אַ ברכה, האָט דער בעל־שם־טוב געזאָגט,
אַ ברכה אויפן נס פון תפארת,
אויפן הוד־שבהוד, וואָס איז געווען
איידער־איידער דאָס וואָרט איז געווען.

— זיידע, האָט ברוכל געכליפּעט: מיטן וואָרט
„יהי אור" האָט גאָט באַשאַפן דאָס ערשטע ליכט

און אַנטפּלעקט דאָס ערשטע געזיכט
פון אַלע וועלטן.

האָט דער בעל־שם־טוב געשמייכלט:
— די וועלטן, וואָס ער האָט באַשאַפן,
זענען רמז נאָר, פּאַרטייַטש.
בעת מיר לערנען אויס דעם טייַטש
דאַרפן מיר מער נישט די וועלטן.
קום, ברוכל, צוריק צו יענער־זייַט־וועלט.

האָט זיך דער גוסס פון בעט אויפגעשטעלט
און געעפנט די טירן,
וואָס פירן
צו אַנדערע טירן,
וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין פּנים.

— זעסט, האָט דער בעל־שם־טוב געזאָגט:
מיר זענען שוין אַריבער גוף, אַריבער נאָמען,
אַריבער טעות־שפּילעניש.
מיר זענען, ב״ה, אָנגעקומען
קריק צו ערשטער שטילעניש,
פלי אַרייַן און ווער זי.

און די מקורבים אַרום בעט פון גוסס
האָבן דערזען פליגל,
וואָס ווערן מגולגל אין פלי,
אין פלי, וואָס דאַרף נישט מער קיין פליגל.

ה
קום, פּאָעט, לאָמיר אומקערן
דאָס בלוט און פליש פון ווערטער
צום גופיקן ווערטערלאַנד.

ס'איז צײַט און איבערצײַט
אַהיים צו גיין.
פֿאַרריגל די ליפּן מיט שטילקייט.
דעם באַשעפֿערס ערשטע שיינקייט
שווײַגט און איז אייביק אַליין.

1966

## האָב איך געקענט קומען אין מײַן אייגן געשטאַלט?

צווישן וואָלקנס אָוונטיקן וואָל
באַהאַלט זיך מײַן פּנים.
איך האָב דעם מאַרק־רויש פון מײַן קול
פאַרוויגט אין שטילקייט פונעם ברונעם.
האָב איך דען געקענט קומען צו דיר
מיט מײַן אייגן קול און געשטאַלט?...
אַלע פייגל, אין די נעסטן פון מײַן וואַלד,
האָבן פאַרלייגט די פליגל
צום שלאָף פון אַלע שלאָפן.
נאָר דער לעצטער סאָלאָוויי איז וואַך
און זײַנע אַפּלען בלויען אָפן:
ער וואַרט, ער וואַרט אויף דיר
ווי אַמאָל אין ערשט־ערשטע קאַיאָרן.
נאָר אויך דער לעצטער סאָלאָוויי, ווי איז מיר,
איז מיד און אַלט געוואָרן,
אונטער גרינעם צווײַג מיט רויטע קאַרשן.
איך וואָלט דײַן בלאָנדן קאָפּ
געטוליעט צו מײַן האַרצן,
נאָר סע וויינט די שטילקייט פונעם ברונעם.
איך האָב אין פאַכטערס גאָרטן
אויסגעריסן אַלע בלומען,
נאָר ווער זאָל ברענגען זיי
צו דיר צו פירן?
וועל איך ווי אַן אַלטער מידער וואָלף
בלײַבן נעכטיקן בײַ דײַנע טירן.
לייג צו דײַן וואַכן אויער:
הערסט דעכען מײַן לירע?
מײַן ליבשאַפט און מײַן טרויער
האָב איך איבערגעענטפערט
דעם לאָגל פון שירה...

**דאָס איז אַלץ, וואָס איך פֿאַרמאָג,**
**אַלץ וואָס איז געבליבן פֿון וואָגל.**
**עפֿן שטיל אויף דײַן טיר, פֿאַר טאָג,**
**און נעם, אין שטוב צו דיר, דעם לאָגל.**

מאַרץ, 1966

## מוזיק

אַליין ער וואַכט אין הויז,
אונטער טיר און ריגל,
נאָר די שטילקייט בלויז —
אַ פּיאַנאָ אינעם שפּיגל,
אָטעמט ווי אַ נאַקעט לײַב
פון אַ שלאָפנדיק ווײַב.

ער איז — מאַן, געמוסקלט, געגלידערט
מיט וואָרט און טראַף.
אור־לייבן, תאווה — געברידערט,
ברומען: באַשאַף!

זי — די ערשטע חוה,
אין ערשטן טאָג פון ווערק.
ער ברענגט איר די ערשטע זון,
פון וואַלדיקע בערג.

שפּילט זי גאָלד־האָלד־באַנג,
דאָס ערשטע זון־געזאַנג.

קוועלט ער: אין ליד איז די זון
נאָך זון־זוניקער פון זון...

עפנט זיך דער באַלקן פון הויז
און גאָט אַליין שיט די שטערן אויס
אויף די פיר איילן פון אָרעמען דיל.

און די שטערן זענען לידער פרום־שטיל,
לידער־קנאָספּן, וואָס גאָט אַליין
קען נאָך נישט דעם דופט פון זייער חן...

נאָר ער, דער באַמוסקלטער
מיט קלאַנג און טראַפּן,
גאַפּט אין די אויגן פון דער פּיאַנאָ
און זעט דעם קלאַנג־דור, וואָס ער וועט אין איר באַשאַפן...

קושט ער אירע בלויע קני
און פּילט אָטעמען
דאָס קינדיש־ראָזע פלייש
פון ערב־סימפאָני,

איר גלידערדיק־לידערדיק טומלען...
וויינט ער, וויינט פון גליק
און טרינקט אויס דעם רעגן פון מוזיק,
וואָס וויינט אַראָפּ פון אַלע זיבן הימלען.

מײַ, 1966

## אַ הונט בײַם ים

דער וואָלף־הונט, בײַם ברעג פון ים,
ער קען נישט מײַן ייִחוס,
ער ווייסט נישט, אַז איך שטאַם
פון פאָלק, וואָס האָט באַשאַפן די לוחות.

און צו זײַנע לאַנגע נאַרישע אויערן
זענען אַוודאי נישט דערגאַנגען
די זיבן קלוגע טרויערן,
אויפגעכוואַליעטע אין געזאַנגען,
וואָס מײַן טאַלאַנט האָט באַשאַפן...

נאָר, זע, מיט וויפל קוואַלנדיקער ליבשאַפט
זײַנע געטרײַע הייסע אַפּלען גאַפן,
בעת איך עפן צו אים מײַנע מענטשישע אויגן!
און כאָטש ער האָט פון זײַן מאַמען, דער צויגס מילך,
די „תורה פון מיסטיק" נישט געזויגן,
ציטערט זײַן הינטישע פעל, ווי ער וואָלט
דעראַנט דאָס קלוגע אָוונטגאָלד,
וואָס איז סודותדיק פאַרהוילן
אין צונויפקום פון בריאה מיט בריאה...

דער הונט, בײַם ים־ברעג,
קען נישט ישעיהוס נבואה,
פון דעסטוועגן טוליעט ער, מיט טיפן גאַפן,
צו מיר זײַן לײַב דעם הינטיש־שטומען
און העלפט, בײַם ברעג פון ים, באַשאַפן
אַ לאַנדשאַפט פון אחרית הימים...

יוני, 1966

## האָסט געזען אַמאָל?

האָסט געזען אַמאָל, ווערטער־האָרדעס
ניוכען, דערשראָקענע, צו פאַרשנייטער ערד?
אַזוי טוליען לאָשיקלעך די מאָרדעס,
זוכן מאַמע צווישן פרעמדע פערד...

אַזאַ וועלט, אַן עלנט, עלנטע־פאַרלאָזטע.
וויפל צער אין אַפלען פון אַ מילב!
סאַראַ עלנט, אונטער וויִעס אַראָפּגעלאָזטע,
פון אַ פאַרגעסענעם אות אין אַ זילב...

אות פאַרלוירענער, פון ווערטער־הויזגעזינדן,
בלאָנדזשעט, זוכט זײַן כּלה־קלאַנג...
אַזאַ געוויין פון הייכן און פון גרונטן,
בײַם בלויען ראַנד פון אונטערגאַנג.

און וועלכער גאַנג איז נישט פאַרגאַנג דען?
וועמענס טריט אײַלן נישט צום טויט?
שטילע גערטנער, פון בית־עלמין,
רוישן אונטער יעדנס הויט.

נאָר אַפילו קבר גאַרט נאָך קבר־שכן,
דער גרויסער עלנט זוכט זײַן עלנט־פּאָר...
זע, גאָט ציט דאָס ליכט אַרויס פון פינצטער,
ווי אַ טרינקענדיקן, פאַר די גילדענע האָר.

יולי, 1966

## גינגאָלדענער זכרון

די קלוגע ציגן פון אַמאָל,
יענע פון פרייד־פאַרשנייטע יאָרן,
האָבן דאָס בלאָנדע ייִנגעלע, אין טאָל,
באַהאַלטן טיף אין זכּרון.
אַ סימן: זיי זענען מעקענדיק געקומען,
פון די קאַרפּאַטן אין פאַרשנייטער טיף,
צום אַלטן בער, וואָס טוט פון חלום ברומען
אין זײַן נאָרע — רמת־אביב.

טיף־נאַכט אין מײַן צימער.
די שטילקייט — אַ טײַך אין פליושענעם דעמער
כוואַליעט און שפּיגלט די ביימער,
וואָס טראָגן די פּירות פון בלויע אַמאָלן.
לבנה־מײַסטער טוט די קאַרשן און פערישקעס
פון ס'נײַ מיט פרישן פורפור באַמאָלן.
נאָר די ציגן, פון פאַר פערציק יאָר,
דאַרפן נישט קיין פרישע קאָלירן:
זיי זענען ווײַס און יונג
ווי בעת ניקאָלקאַ פלעגט זיי פירן
פּאָיען צום דניעסטער.
מאַרושאַ, ניקאָלקאַס שוועסטער,
לאָזט מיך גלעטן זייערע קלוגע פעלן
און לאָזט אויך מײַנע פינגער,
מיט הונגער, טוליען זיך צו די רויטע קרעלן,
וואָס אויף איר קאָרענעם האַלדז.
דער יויזל קוקט אַראָפּ פון אַלטן האָלץ
אויפן שיקסל און אויף מיר, פון אונטער אַראָפּגעלאָזטע ברעמען.
נאָך איך טו פאַרן „גוייִשן גאָט" זיך נישט שעמען,
וואָרעם „אויגן האָט ער און זעט נישט",

„אויערן און הערט נישט",
נאָר איך הער יאָ מײַן האַרצס „טיק־טאַק, טיק־טאַק",
בעת איך טוליע מײַנע ליפּן צו מאַרושאַס קאַרשענער באַק...
איצט גלעט איך ווידער די ציגן און אָטעם טרויעריק־טיף.
אוי, פֿאַרמאָגן זיי עס אַ גינגאָלדענעם זכּרון:
זיי האָבן געטראָפֿן צום אַלטן בער, קיין רמת־אביב,
דעם וועג דורך אַלע פֿאַרשנייטע יאָרן...
איצט פֿיר איך זיי צו מײַן קלוגער בויד,
און דורך שניי און ווײַ און טויט
וועלן מיר די לעצטע נסיעה פֿאָרן.

סעפּטעמבער, 1966

## דער קינסטלער

הוי, ווי ער גאַרט עס נאָך תוהו ובוהו.
— גאָט, שרײַט ער, פֿאַרלעש אַלע בילדער און פֿאַרבן,
אַלעס־באַשאַפֿענע טראָג אַרויס פֿון דער וועלט,
ווי מען טראָגט אַ זקן, פֿון בעט, נאָכן שטאַרבן.

מאַך פֿרײַ די וועלט פֿאַר דורות נײַע בילדער־און־קאָלירן.
זע, איך נעם דעם פּענדזל אין מײַן האַנט,
האָסט אויך אַמאָל אַזוי, מיט יונגן בראַנד,
איבער ליידיקייטן געטאָן אים פֿירן.

איצט פֿאַרלעש אַלע זונען און שטערן,
פֿאַרוויקל די הימלען, ווי אַלטן פּאַרמעט
פֿון אַ מגילה, וואָס מען איז מיד שוין צו הערן.

גאָרנישט, גאָרנישט לאָז איבער אָנגעזיכט פֿון שוואַרצן פֿראָסט.
האָרך, ווי סע קוועלט דער יונגער פּורפּור אין פֿאַרמאַכטן קנאָספּ
פֿון ערשטן וואָרט... זע, אָקערשט־געבוירענע געטער
ברענען, ווי צײַטיקע פּירות, צווישן ראָסיקע בלעטער.
אייפֿער נישט, אַלטער גאָט, די יונגע פֿײַער־שלאַקסן!
קלייד אָן דעם ווײַסן מאַנטל פֿון קלוגשאַפֿט,
גיס אָן די אַפּלען מיט פֿאָטערלעכער מילדשאַפֿט,
און קום גאַפֿן ווי דײַנע ייִנגסטע קינדער וואַקסן...

אָקטאָבער, 1966

## וויין, וויין, מײַן קינד

א

טאַנצט אַ לייב,
געגלידערט פון פלאַמען,
זײַן קול איז אַ פלייט,
וואָס וויינט צו דער מאַמען.

איז ווער איז דאָ לייב,
און ווער איז דאָ קינד?
ס'איז איין זעל און איין לײַב,
און אַן איינציק געזינד.

ס'איז איך און דו
און זי און ער,
אַן איינציק געוואָי
און אַן איינציקע טרער.

און די טרער, אין מײַן אויג,
שטייט אַליין.
זי איז מײַנ און דײַן און זײַן,
און זי איז יעדנס געוויין.

ב

פאַר וואָס וויינט די וועלט
אַזאַ גרויס געוויין?
ווײַל זי האָט נישט קיין מאַמע
און האָט נישט קיין היים,
און ווײַל די זון איז אַ קאָפּ
פון אַ גאָט, ווען
אַ צווייטער גאָט

האָט געלאָזט
לעבעדיק פאַרברענען...

איז געקומען אַ גאָט אַ דריטער, און דעם צווייטן,
אַ נאַקעטן, צום הימל געבונדן
און זײַנע אברים פון אַלע פיר זײַטן,
ווי שטערן, אָנגעצונדן.

איז נישט פאַראַן מער קיין גואל, באַפרײַער?
וויין, וויין, מײַן קינד.
דאָס גרויסע געטער־הויז־געזינד
שרײַט אַרויס פונעם פײַער:
העלף!
העלף!
העלף!

און סע וויינען די לעמער
און סע וויינען די וועלף.
סאַראַ ווײ
און ווינד
און געוויין.

ס'האָט די וועלט נישט קיין מאַמע
און האָט נישט קיין היים.

נאָוועמבער, 1966

## בין איך דען נאָר אַ ישראלי?

איך בין דען נאָר אַ ייִד, אַ ישׂראלי?
איך בין אַ זויג־חיה אויך.
בעת מײַן באָבע האָט, אין די וועלדער האַרעלי,
געוויגט די קינדער בײַם האָריקן בויך,

האָט זי נישט גערעדט צו זיי אויף ייִדיש
און נישט אויף דער שפּראַך פון תנ״ך,
זי האָט פונקט ווי איך, פאַרחידושט,
געגאַפט אויפן גרויסן שטערן־דאַך.

און געטראַכט האָט מײַן באָבע, אַוודאי געטראַכט,
אַז סע גייט די שטערן־טשערעדע
אַרויס יעדע נאַכט,
נאָר דעם הירט, וואָס פירט,
זעט מען נישט...

אַוודאי איז מײַן באָבעס טראַכטונג
נישט געווען צו מײַנעם גלײַך,
געווען איז עס אַ מין טונקעלער טײַך
אין וואַלד־געדיכט,
וואָס ווייסט דעם באַטײַט נישט
פון זײַן אייגן געזיכט...

און איך ווייס דען יאָ?
נאָר אַצינד בעת איך טראַכט
פון מײַן באָבען, אין יענער נאַכט,
פון פאַר הונדערט־טויזנט־יאָר,
ווערט מיר גרינגער דער עול פון מײַן וואָר:
מיך אַרט נישט אַזוי, וואָס „ייִדיש גייט אונטער״

און וואָס מייַן פֿאָלק איז אַ קלייִנער דערשראָקענער קוסט
אין גרויליקן ווינטער
פֿון פֿראָסטיקע אומות...
איך טוליע זיך צום וואַרעמען בויך
פֿון מייַנע מאַמעס,
די זויג־חיות,
אין די וועלדער האַרעלי,
און איך טראַכט,
וועגן די שטערן־טשערעדעס איך טראַכט,
וואָס גייען אַרויס יעדע נאַכט...

נאָר דעם הירט,
וואָס פֿירט,
זעט מען נישט...

דעצעמבער, 1966

## פרקים נס

א

האָט זײַן גנאָד גערעדט אַזוי צו מיר:
„זע, ס'האָט מײַן האַנט געשניצט דיך ווי אַ פּלייט,
נאָר צום ליד, וואָס איך וועל שפּילן אויף דיר,
וועסטו אַליין נישט וויסן קיין באַשייד.
איך וועל דיך גלײַכן צום טײַכנגאַנג,
וואָס שפּיגלט לענדער און שטעט,
נאָר קיין מאָל וועסטו דעם מיין
פון דײַן אייגענעם גיין, נישט דערגיין.
ווײַל ס'איז דײַן אָנפאַנג אין מיר
און דײַן סוף איז מײַן סוד.
און דאָס איז מײַן גוטס דיר,
און דאָס — מײַן גנאָד".

ב

און ס'איז געווען דער צווייטער מעת־לעת,
האָט זײַן גנאָד גערעדט צו מיר אַזוי:
„זע, איך האָב געפורעמט דעם נס
פון דײַן זאָמען אין טראַכט פון דײַן פרוי,
איצט טייל איך דאָס קינד אָפּ
פון אײַער פלייש און ביין".

האָב איך צעעפנט די אַפּלען, ווי אַ טאָג
וואָס האָט אין שפּיגל פון ים זיך דערזען...

און געווען בין איך, אי איך — דער טאָג
אי זי — מײַן שפּיגלבילד אין ים,
און איך האָב געלויבט צו גאָט,
ווײַל איך און זי און ער זענען פאַראַן.

און געווען איז דער צווייטער טאָג
פון באַשאַף.

ג

האָט מײַן פרוי בײַם וויג
געקוואָלן און געזאָגט:
„איך געדענק נישט מער,
האָט אַ טאָג אַמאָל געטאָגט,
איידער איך האָב געבוירן זי?
האָט אַ שוואַלב געגרייט
די פליגלען צום פלי,
און אַ רויז — די קנאָספּן אירע
צום צעבלי,
איידער איך האָב געבוירן זי?"

און זי האָט געוויינט,
פון פרייד, צו גאָט,
און איר געוויין איז געווען
ווי אַ רעגן פון גנאָד.
און איך האָב געקושט דעם רעגן.
און ס'איז געווען דער דריטער טאָג.

ד

נאַכט אין מײַן היים.
שטילקייטן ווי גערטנער
בליִען געהיים,
צעצײַטיקט מיט פּירות.
זאַפטן ריזלען דורך בלעטער און בוים.
איך זע עס און הער עס.
נאַכט אין מײַן היים.
אין טײַך פון לבנה־שײַן,

שווימט די וויג פון מײַן קינד.
איך שטיי מיט איר מוטער,
אַ פאַרגאַפטער אַצינד.

זע, זאָג איך, ווי עס ריזלען מילד
דורכן קינדס הויטן פאַרנעפּלטע שטראַלן,
ווי זיי וואָלטן מײַניען זיך און פאַלן
אין די כוואַליעס פון קוואַלן.
האָרך, זאָג איך, ווי שווײַגן
דעכעט בײַם דינעם בויג,
פון פליושענע וויִעס,
בײַם קינדישן אויג.

און מיט אַ מאָל, ווי אַ שטערן
וואָלט אין טײַך געפאַלן,
טוט צאַרט אַ הילך
דאָס נײַ־געבוירענע, לעקט
מיטן צינגל אָפּ די מילך,
און אירע אַפּלען גאַפן, ווי הימלען,
צעשטערנט, פאַרטרערט.

און מיר האָבן פרום איבער וויג
זיך געבויגן און געהערט:
דאָס לעבן שווימט אין קינדס זינגענדיקע אָדערן,
ווי גאָטס אָטעם איבער די וואַסערן,
בעת ער האָט געטאָן זיך פעדערן
צו באַשאַפן די וועלט... איצט איז זי באַשאַפן
און דעכעט אין וויג דאָ.
סאַראַ נס: זי איז באַשאַפן
און דעכעט אין וויג דאָ.

ה

איך האָרך צו איר אָטעם: ווער וויגט דאָ
גאָטס לעבן, פאַרצימצומט, פאַרקליינט,
אין אַ קלייניניקער חוה,
וואָס חלומט און וויינט?

און ס'האָט אַ קלערונג געקלאָרט אין מײַן האַרץ מיר:
ווי וווּנדערלעך אין־סופיק גרויס
איז גאָט, וואָס קען בויען זײַן הויז
אין פּיצעלע גוף פון אַ קינד!
און ס'איז גוט אים און גראַם
אין פּיצעלע גוף פון אַ קינד.
און איך שטיי פאַרגאַפט בײַ דער וויג דאָ
און ווייס נישט, ווענען איך וויג דאָ.

ו

האָסט די וועלבונגען צעזונט און צעשטערנט,
און אונדזער קליינע ערד אויסגעלערנט
די מוזיק פון זיך־קענען־געבערן,
לעבעדיק זיך אַריבערטראָגן פון איין גוף
צו אַ צווייטן און ווערן
נאָך אַ מאָל בלום און בוים, חיה און אָדם.
דער דעך פון מײַן קינד איז דער זעלביקער אָטעם
וואָס אַרײַנגעאָטעמט דו האָסט אין ערשטע ליימען,
בעת געקומען דו ביסט אין מענטשנקינדער ווינען.

דערפאַר שמייכלט מײַן קינד אַזוי בעת אויף איר פּנים
שווימט דער טאָג, כאָטש זי ווייסט נישט דעם נאָמען
פון טאָג און נאַכט, נאָר זי שטרעקט אירע פינגער
צו די שטראַלנהענט אין שויב און רירט אָן די וווּנדערס
פון זאַכן אין דער וועלט. איך הייב פון דער וויג זי אַצינדער
און זאָג: וואָלט איך געזען בלויז דאָס הייליקע געזעמל

פון קינדערגלידער, און מער גאָרנישט אונטערן דאַך פונעם הימל,
וואָלט מײַן האַרץ אויך אַ שאַלונג געוואָרן צו דײַן פראַכט, באַשעפער!

איצט קוש איך מײַן קינד. זי איז אַ קוואַליקער בעכער,
און די שיינקייט דײַנע ווינט אין אירע הויטן.
און איך קוועל, ווײַל איך ווייס: נישט פאַראַנען קיין טויטן.
דער אָטעם דײַנער, וואָס געאָטעמט האָסט אין ערשטע ליימען,
ווערט אין מײַן אור־אור־אוראייניקל ווײַטער ווײנען,
און בעת איך שפּאַן איצט מיט מײַן קינד דורכן קאַיאָר,
שפּאַנען מיט אונדז אַלע דורות, ביזן לעצטן דור.
און לעצט איז נישט לעצט, נאָר אָנהייב ווידער.
אַזוי זינגען אירע זינגענדיקע גלידער.

ז

זאָג נישט דאָס וואָרט.
רוף נישט דעם נאָמען.
דאָרט, דאָרט, דאָרט,
וואָס מורמלט דער ברונעם?
קיינער זעט נישט דאָס אָרט
און קיינער דאָס פּנים.

בעסער אַזוי.
און איך ווער בין דאָ?
ס'איז איך און מײַן פרוי
און מײַן קינד דאָ.
ווער זענען אַלע דרײַ
און ווער ווײנט דאָ?
די פרייד ווײנט דאָ.

פאַר וואָס טוט די פרייד ווײנען?
ווײַל ס'איז איר גוט דאָ
מיט זײַן פראַכט אין איינעם.

װעמענס די פּראַכט?
רוף נישט דעם נאָמען.
נאַכט. נאַכט. נאַכט.
הערסט זינגען דעם נאָמען?
זײַן צורה, פֿאַרבאָרגן,
איך טראָג אויף מײַן פּנים.

װוּהין טראָג איך מײַן פּנים?
ס'איז דען מײַנס דאָס געזיכט?
פֿאַרהוילענער ברונעם
שפּיגלט דאָס ליכט.

װעמענס דאָס ליכט?
זאָג נישט דאָס װאָרט,
רוף נישט דעם נאָמען.
קײנער זעט נישט דאָס אָרט
און קײנער דאָס פּנים.

1967

## לכה דודי

לכה דודי, לקראת כּלה.
„שבת״ רופט מען זי די כּלה.
און אַ מאָל איז זי אַ נאַכט אַזאַ,
אַ נאַכט אַזאַ ווי אַלע:

אַ וואָכן־נאַכט
פאַרשעמטע, פּראָסטע,
אויף ליים־ערד זיצט די כלה
מיט אַפּלען מיד־אַראָפּגעלאָזטע.

פאַרשעם זי נישט
און טאַנץ אַנטקעגן
דער גרויער מלכּה
אין גרויען רעגן.

אַנטקעגן
שטערן־כּלה,
שבת־כּלה,
טאַנצן אַלע.

נאָר קיינער, קיינער
טאַנצט אין מערק
אַנטקעגן בעטלערקעס
מיט גרויע זעק,
אַנטקעגן זעקס בעטלערקעס
מיט גרויע זעקס זעק.

וויי איז מיר, פאַרשעמטע כּלות!

שוואַרץ־ראַזעווע־ברויטיקע־כּלות!
כּלות מיט דעמבענע צעפּ,
פּראָסטע וויביימער ווילדע
אין מיטן ווילדע בערג.

נאָר די זעקס און דרײַסיק ווײַסע ייִדן,
אויף מאָגערע פּאַרקוואַרטע שקאַפּעס,
רײַטן, יום־טובדיק, אַנטקעגן
די זעקס פֿאַרשעמטע כּלות.

זיי קושן זייערע באָרוועסע פּיאַטעס
און די האַרטע פֿאַרשמאָדערטע לאַפּעס
און זינגען, צווישן מאָנטיקס און מיטוואָכס:
„מזמור שיר ליום השבת!...“

מאַרץ, 1967

## דער געץ

דערקענסט אין פעלדזיקע בערג
פון עמעצנס פינגער סימנים?
ס'האָט דאָ אַ מײַסטער זײַן ווערק
געהאַמערט, פאַר יאָרטויזנטער, אַפּנים.

אַ געץ אויפן שפּיץ פונעם פעלדז...
און אפשר נישט קיין מענטשישע פינגער
געהאַמערט האָבן דאָס ווערק אויפן פעלדז,
נאָר אַ וואַסערפאַל, ווי אַ בוהיי אַ ווילדער,

האָט אין אורצײַט זיך געשלײַדערט אויף באַרג,
מיט זײַן וואַסער־שטראָמענדיקן האָרן,
און פון תאווהדיקער באַהעפטונג, אין נאַכט,
איז דער שטיינערנער געץ דאָ געבאָרן?

שפּעטער האָבן ווילדע שבטים,
מיט בויגן און מיט שפּיז,
קינדער אין פײַער געבראָטן —
אַ קרבן דעם געץ צו די פיס.

שטויב זענען לאַנג שוין די האָרדעס,
נאָר דער געץ אויף פעלדזיקן שטיין
שטייט נאָך אַלץ אין זײַן גאַנצער הדרות,
ווי אין יענער נאַכט אין לבנהקן שײַן.

און אַליין אין טיף־נאַכטישן שווײַגן,
איך שטיי אין שטייניקן טאָל.
און מיר דוכט: צווישן לבנהקע צווײַגן,
שטייט מײַן אור־זיידע, פונקט ווי אַמאָל:

לעבן אים — דער קרבן — אַ ייִנגל,
ציטערט אין צעשטערנטן ליכט.
אויסטערליש: אי זיידע אי ייִנגל
טראָגןביידע מײַן איצטיק געזיכט...

איך שטיי דאָ דרײַמאָליק געפּלט,
אַנטקעגן געץ, צווישן שטייניקע בערג,
און פּיל: גאָטס אייביקער האַמער
האַמערט ווײַטער אין פּנים פון ווערק...
אין אייביקן פּנים פון ווערק...

## מיר איז קיין חילוק נישט מער

קיינער היט נישט
פון שטאָט די טויערן.
די קעניגין פון שגעון
קיניגט דאָ,
צווישן עובר־בטלע מויערן.
אירע אברים — פאַרפרוירענע טײַכן —
שווימען פון ערגעץ־נישט
צו ערגעץ־נישט.

איך בין איינע
פון מיליאַסן שיפן,
וואָס רודערן
דורך דער קעניגינס
שטיינערנע אָדערן.
איך שווים און ריר זיך נישט פון אָרט.
סײַ ווי האָבן די גאַסן קיין נעמען נישט
און די זייגערס קיין ווײַזער.

אין די חרובע הײַזער
הויזט נישט קיין געשטאַלט,
איך זאָל קענען זאָגן איר:
„איך בין איינזאַם, זײַ מיר אַ שוועסטער".

די לעצטע טעמפלען
האָט די מלכה
אין די אַשיקע נעסטער
פאַרשאָטן... און די פריסטערס
זענען טרוקענער מאָך געוואָרן
אין טויטע ברינעמער.

און איך ווער בין
צווישן פֿאַרמעקטע פּנימער?
קען זײַן, די שטומקייט בין איך
אין דער קעניגינס
פֿאַרפרוירענער טרער...
נאָר סײַ ווי סײַ,
מיר איז קיין חילוק נישט מער,
וואָס און ווער איך בין
אין דער משוגענער שטאָט.

יולי, 1967

## ביטול היש

א

האָב איך געזאָגט צו זיך אַזוי צו זאָגן:
— ווײַל אַלע זינגען צו דיר, ירושלים,
ווײַל אַלע שאַלן צו גאָטס קרוינשטאָט מיט לויב,
וועל איך באַהאַלטן צניעותדיק מײַן פידל אין שטילקייט.

אַזוי האָב איך געזאָגט צו זיך,
נאָר אין דער זעלביקער רגע
האָט אַ רויטער פעלדז,
ווי אַ מקובל, אַ ברום געטאָן
פון דער קופּערנער באָרד:
„בעל־גאווה, יאַנקל בעל־גאווה".
זענען פון מקובלס געשריי
פאַרפרוירן געוואָרן אַלע בלעטער
אויף מײַן הויט,
אַזוי ווי אַ גאָרטן
וואָס ווערט מיט אַ מאָל
באַפאַלן פון ווינטער.
נאָר טיף־טיף־טיף,
האָב איך פאַרנומען דעם טריף,
טריף־טריף־טריף,
פון מײַן פידל אונטער שנייִקע הויטן.
האָב איך אים אויפגעהויבן,
ווי מען הייבט אַ פאַרפרוירענעם
פויגל פון שניי,
אים צוגעטוליעט צו די ליפּן מײַנע
און אַרײַנגעהויכט אין בלויען שנאָבל
די גאַנצע וואַרעמקייט
וואָס אַ ווינטער־גאָרטן פאַרמאָגט.

— פידל, האָב איך געזאָגט,
פײַער־פויגל דו,
זײַ מוחל יאַנקלען דעם בעל־גאווה.

ב

איצט שטייען מיר ביידע
בײַם כּותל־מערבי,
ער, דער מקובל פון מאה שערים —
אַ פולע קאַרש מיט גאָטזאַפּט,
און איך — דמיון פון בוים,
געשטראָפטער מיט חכמה,
וואָס לאָזט נישט דערבלִיען
צו אַ לעבעדיק געצווײַג,
מיט פּירות און מעשׂים־טובים.

ביידע שטייען מיר פאַרהילט אין טליתים.
דעם מקובלס טלית איז אַ לעבעדיקער,
געגרונטפעסטיקט
ווי דער באַרג סיני.
און מײַנער האַלט זיך אין מיר,
ווי אַ טרינקענדיקער בײַ אַ דערשראָקענער לבנה,
אין שפּיגל פון טײַך.

ג

האָב איך געזאָגט צו זיך, נאָך אַ מאָל,
אַזוי צו זאָגן:
— און אפשר האָב איך נישט גדאַרפט אויפגיין
קיין ירושלים, צום כּותל־מערבי:
דער מלך פון פראַכט האָט נישט האָלט
די קאַרליקלעך צוניפגעסטריגעוועטע
פון פשרות...

נאָר איידער
איך האָב דערהערט נאָך אַ מאָל
דעם ברום פון דעם מקובלס קופּערנער באָרד:
„יאַנקעלע בעל־גאווה" —
האָב איך זיך אַריינגעוויקלט
טיפער אין טלית
און, ווי אַ זון צו מינחה,
פאַרלאָשן געוואָרן
אין ביטול היש...

אויגוסט, 1967

## אין מידבר

און ס'האָט גאָט
גערופן צו משהן אין מידבר...
— — — — — — — — — —

דער זעלביקער מידבר,
פון קופּערנער שטומקייט געקאָוועט.
ס'בלאָנדזשעט מײַן אַפּל, ווי אַ דאָרשטיקע חיה,
אין שטייניקער חשכות פון טיף־נאַכט:
דעם דאָרנבוש זוכן מײַנע אַפּלען די בלינדע,
דעם סנה, וואָס האָט דאָ געפלאַקערט
מיטן אַלמאַכטיקנס לשון...
פאַר וואָס רופט נישט קיינער אין מידבר
מײַן נאָמען?
לעבן מיר אַ גוססדיק קעמל.
קיינער רײַט נישט אויף זײַן זאַמדיקן האָרב.
האָט דאָ געלעבט אַמאָל אַ רײַטער און געשטאָרבן?
אפשר בין איך עס געווען דער רײַטער?
פאַר וואָס רופט נישט קיינער אין מידבר מײַן נאָמען?
אַ מידבר־וואָלף איז דאָס האַרץ מײַנס.
איך בײַס די שטומקייטן וואָס גליווערן
ווי אײַזערנע פרענטעס
אויף טויער פון דולהויז.
פאַר וואָס רופט נישט קיינער מײַן נאָמען אין מידבר?
ווער שטראָפט מיך? ווער האָט געבראַכט מיך אין מידבר,
און צווישן שטאַרבנדיקע שטילקייטן,
מיך, אַ לעצטן־פון־לעצטע, פאַרגעסן?
איך געדענק נישט דאָס געזיכט פון דער מוטער
וואָס האָט מיך געבוירן,
איך געדענק נישט דאָס הויז פון מײַן וויג.
פאַר וואָס רופט נישט קיינער מײַן נאָמען אין מידבר?

ווער בין איך? דער וואָס ווייסט ווער איך בין,
זאָל ער דערמאָנען מײַן נאָמען...
פאַר וואָס רופט נישט קיינער
מײַן נאָמען אין מידבר?

סעפּטעמבער, 1967

## דער נביא

און גאָט האָט געשיקט דעם נביא
צו די טויערן פון דער זינדיקער שטאָט.
און ס'איז געווען, בעת דער נביא
איז צום באַרג־שפּיץ, מיט גאָטס וואָרט,
אַרויפגעקלעטערט,
האָט דאָס וואָרט, ווי אַ קנאָספּ
אין זיך אַליין פאַרבלעטערט,
נישט געוואָלט אַנטפּלעקן זיך פאַרן זינדיקן פאָלק.
און דער נביא האָט זיך אומגעקערט צו גאָט.
האָט גאָט געפרעגט: האָסט געשטראָפט דאָס זינדיקע פאָלק?
האָט דער נביא געענטפערט:
— וועמען האָב איך שטראָפן געקענט?
צי איז שולדיק די מוראַשקע,
וואָס פאַרמאָגט נישט די פליגל פון אָדלער?
פאַרוואָר, באַשאַפער, אָן דעם קאַפּל תענוג פון זינד
קען דער בן־אדם נישט אַריבערשווימען
די וואַסערן פון טעג און נעכט.
די זינד זענען דער איינציקער יום־טוב
אין זײַנע מעת־לעתן.
האָט גאָט געזאָגט צום נביא:
האָסט נישט געשטראָפט דאָס זינדיקע פאָלק,
וועל איך אויפהייבן די בײַטש פון שטראָף
איבער דיר, מײַן נביא.
האָט דער נביא געענטפערט:
— זאָל דער אַלמאַכטיקער אויספירן
זײַן גזר. גרייט בין איך.
האָט גאָט געשמייכלט צום נביא:
— אויב דו האָסט דיך דערבאַרעמט אויפן זינדיקן מענטש,
צי קען איך, דײַן באַשאַפער, נישט דערבאַרעמען זיך

אויף דיר, מײַן נביא?
האָט דער נביא געענטפערט:
— צוויי מאָסן בעט איך, האַר, פון דיר:
אין דער רעכטער דײַנער דעם לאָגל פון רחמים,
און אין דער לינקער — דעם פעלדז פון דין.
צו די בן־אָדמס, אין טאָל, געגען מיטן לאָגל פון רחמים,
און איבער מיר הייב אויף דעם פעלדז פון דין.
אַזוי האָט געזאָגט דער נביא,
און מיט זײַן רעכטער אָפּגעקרישלט
אַ שטיק פעלדז פונעם פעלדז,
און מיטן שפּיץ פון געשטיין
געשניטן דאָס פלייש אויף זײַן ברוסט,
און געשמייכלט מיט בלויקייט צו דער רויטקייט,
וואָס האָט אַראָפּגעקאַפּעט פון זײַן גוף
צום נאַכטיקן זאַמד.

אָקטאָבער, 1967

## דערלאַנג די האַנט

די האַנט דערלאַנג,
לערן, בײַם ראַנד,
צו דיר זיך געוווינען.
דײַן גוף איז מײַן הויז —
אין אים וועל איך וווינען...
דײַן ערד איז פֿאַרריגלט
אין לשון פֿון שטומקייט,
און דײַן הימל פֿאַרמאָגט נישט
קיין שטערן.
אין דיר וועל איך ווערן —
אייביק־נישט־ווערן.
דײַן האַנט דערלאַנג
בײַם ראַנד,
איך וויל דערהערן
דעם בלוט־גאַנג
אין דײַנע אָדערן.
אַלע אָפּגעשטעלטע זייגערס
אין דער וועלט
גליווערן אין דײַן בלוט־גאַנג,
וואָס פֿליסט נישט צו ערגעץ.
ביסט דער פֿאַרגליווערטער ים
פֿון דער צײַט... אַלע שיפֿן
פֿאַרגייען אין דיר.
אוי, דערלאַנג דײַן האַנט,
לערן דעם טאַנץ מיך פֿון פֿאַרגאַנג.
לערן מיך אַרײַנטאַנצן אין דיר
ווי עס טאַנצט דער זונפֿאַרגאַנג
אין ים.
פֿאַרוואָר, די זון גייט ווידער אויף

אַנטקעגן ים.
נאָר איך וועל קיין מאָל נישט
אויפגיין מער,
אייביק פֿאַרבלײַב איך אין דיר...
דײַן האַנט
דערלאַנג,
לערן, בײַם ראַנד,
צו דיר זיך געוווינען.
דײַן גוף איז מײַן הויז —
אין אים וועל איך וווינען...

נאָוועמבער, 1967

## לאָמיר לערנען

לאָמיר לערנען
ליב־האָבן דעם הימל
אַזוי ווי ער איז.
לאָמיר נישט מאָנען
פון דער אויסגעשטערנטקייט
קיין בית־דין־של־מעלה.

לאָמיר שלום מאַכן מיטן גורל,
אַז די שיינקייט איז שיין,
מער גאָרנישט ווי שיין,
שיין אין איר טראַגישער זינלאָזיקייט.

לאָמיר לערנען
ליב־האָבן דעם מענטשן
אַזוי ווי ער איז:
פלייש און חלום,
מער פלייש ווי חלום.
לאָמיר קושן די טרער
אין זײַן אַכזריותדיקן אויג.

וואָס איז שולדיק
דאָס פיצל,
אַז ס'איז נעבעכדיק פיצל?

לאָמיר געדענקען
דאָס האַרץ פון בן־אָדם,
וואָס האָט אויסגעבענקט גאָט
און צעטראָטן געוואָרן
אונטער די פּיאַטעס פון טײַוול.

צי ווילסטו אויפשטיין
ווי אַ שופט און מישפטן
דעם צעטראָטענעם?

לאָמיר נעמען דאָס קאַפּל שיינקייט
און מאַכן פרום אַ ברכה:
„דאָס איז אונדזער חלק און אַ לויב צו דעם,
וואָס איז אַ שׂמח בחלקו".

דעצעמבער, 1967

## כלה־טאַנץ

א

כּלה־טאַנץ,
צי טויטן־טאַנץ?
ווער ווײנט אין טאַנץ
פֿאַרריגלט?
איך בין דער טאַנץ,
אַלײן דער טאַנץ
און דער טענצער אינעם שפּיגל.

כּלה־טאַנץ, צי טויטן־טאַנץ?
קײנער טאַנצט נישט, קײנער.
פֿאַרגאַפּט, אין שקיעה־גאָלד,
שטײט אָדם צווישן בײמער.
אָדם־הראשון פֿון אײביק אַזוי,
אַן אײנציק־אײנציק־אײנער.

איך גאַף אויף אים, דערנאָך אויף זיך:
איך בין ער און ער איז איך,
אײן געווײן פֿון פֿלײש און בײנער.
פֿון אײביק אַזוי שטײט אָדם זיך,
אַן אײנציק־אײנציק־אײנער.

ער איז איך און איך בין ער,
אין טיף־פֿאַרשנײטן ווינטער.
איז וועמענס אויג גאַפּט פֿאַרטרערט
אויף אָדמען אַרונטער?

ב

וועמענס דאָס אויג,
אין שנייִיקן בלאָ?
מײַן האַרץ, מײַן האַרץ
וויל מורמלען: דו.
צו עמעצן מורמלען:
דו, דו, דו,
נאָר מײַן רוף, אין שנייִיקן בלאָ,
ווי פויגל מיט פלאַמיקע פליגל,
צעזעצט זײַן געשטאַלט אין פראָסטיקן שפּיגל.

ווער איז דאָ שפּיגל
און ווער איז דאָ איך?
ווי אַ טויכער צום ים־דנאָ,
טויך איך צו זיך.
אויסטערליש: איך, איך, איך,
בין אי טויכער, אי פּערל,
אי מוזיק אין דנאָיִקע טיפן.
איך בין שטורעם און שיפער
פון אַלע געוועזענע שיפן.

וווהין זענען שיפן געשווומען?
קען זיך קיינער נישט דערמאָנען?
עמעץ האָט פײַער־פידלען,
„נישט־פון־דאַנען",
אין דער שטערן־קאַרעטע
פאַרגעסן אײַנצושפּאַנען.

שגעון־טאַנץ פון טומאַנען.
מוזיק! מוזיק! מוזיק!
אַליין איך בין שגעון־טאַנץ

פון טומאַנען.
אַליין די פײַער־פידלען —
„נישט־פון־דאַנען״;
מיך האָט עמעץ פאַרגעסן
אין דער שטערן־קאַרעטע אײַנצושפּאַנען.
ניין, איך בין אַליין דער עמעץ,
איך... איך... איך...
בלויז איך בין דאָ,
נאָר מײַן האַרץ, מײַן האַרץ
וויל מורמלען: דו,
צו עמעצן מורמלען: דו, דו, דו — — —
נאָר מײַן רוף, אין שנייִיקן בלאָ,
ווי פויגל מיט פלאַמיקע פליגל,
צעזעצט זײַן געשטאַלט
אין פראָסטיקן שפּיגל
פון ווינטער...
איז וועמענס דאָס אויג?
איך בין אַליין דאָס אויג,
וואָס קוקט אויף זיך אַרונטער.

1967

## פֿאַרבלאָנדזשעטע לידער

א

ראָבאָטן פֿאַרקנאָטן אין קרײַז.
קאַראַהאָדן פֿאַרבלאָנדזשעטע באַנען.
שטערן פֿאַרפֿרוירן אין אײַז
זוכן אין פֿינצטער די מאַמע.
פֿון דער לאָזשע, דער פּאָעט דער גרײַז
גאַפֿט אויף זײַן אייגענער דראַמע.

ב

צײַט לויפֿט נישט צו ערגעץ.
האַרפֿעס אָן סטרונעס.
לאָקאָמאָטיוון, צעדולטע —
אַראָפּ פֿון די שינעס.
האַנט פֿון לעצטן שומר
קעפּט דעם לעצטן שאַרבן.
נישט פֿאַראַנען מער קיינער
צו שרײַען: „וועלט איז געשטאָרבן".

ג

קוועל, קוועל קוועלעניש.
קוים־קוים־וועלעניש
פּרוּווט וועלן.
אונטער קוועלנדיקע וועלן
ציטערט אויף די שטילעניש
ווי דאָס האַרץ פֿון אַ פּערז.
שטערן פּרוּוון וועלן
אויפֿשטעלן קריק דעם אוניווערס.

ד

נאָך אַ מאָל?
ווידער אַ מאָל?

דער טויטער טאָל
געדענקט נישט מער
דאָס פּנים פון גראָז,
דאָס קול פון יונגער ראָסע.
ער געדענקט נאָר דעם שוואַרצן געשפּאַן
פונעם בלינדן מאַן
מיט דער שוואַרצער קאָסע.

ה

טויטע האָבן ליב דעם טויט. ניטע,
טאָרעט נישט די טויטע.
ווער האָט כּוח געבוירן ווערן ווידער?
שיקט נישט חלומות פון קידער־ווידער
אויפצורודערן פאַרפרוירענע וואַסערן. ניטע,
טאָרעט נישט די טויטע.
שטעלט אָפּ די ראָבאָטן
אין ראַקעטישן פליִען.
גאָט האָט ליב די טויטע:
זיי רוען און לאָזן רוען.

ו

טויטע קלעזמער. פידלען פון שניי
אין געשטאָרבענעם גאָרטן.
הויפנאַרן אין דולן געדריי:
ווער איז געשטאָרבן?

פון מזבח קריכט, אין זאַוויי,
דער לעצטער קרבן,
ער טראָגט זײַן אייגענעם קאָפּ
אין אָפּגעהאַקטער האַנט.

אויף אַ משוגענער לבנה רײַט
דער מלך פון קיינעמס לאַנד.

ווּהין רײַט דער דולער רײַטער?
מזלות גלאָצן ווי אויגן טויטע.
ווער זשע איז דער טויטער,
וואָס האָט געגאַפּט דורך זיי?

ראָבאָטן טרײַבן פון מוזיי
דעם לעצטן גילדענעם סאָלאָוויי
אין ליידיקע אין־סופן,
און זיי בעטן אויס דאָס טויטנבעט און לייגן
דעם מידן בינע־מײַסטער שלאָפן.

ז
שלאָף, שלאָף, שלאָף,
טרײַב פון שלאָף
דעם חלום,
זײַנע שטערן־אויגן אין אין־סוף
אין דער הפקר־מיל צעמאָל אים.
אַ סוף, אַ סוף, אַ סוף!
אין טויטנוויג פאַרוויג אים.

ווער זאָל וויגן, ווער?
די ליבשאַפט וואָס געדענקט נישט מער
פון טײַערסטן דאָס פּנים?
די בענקשאַפט וואָס פאַרגעסן האָט
פון געצערטלטן דעם נאָמען?

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
טרײַב פון שלאָף
דעם חלום.

ח

אַרויסגעטריבן דעם חלום
און דעם לעצטן סאָלאָוויי.
וואָס וועלן טאָן אין ליידיקן מוזיי
די ראָבאָטן?
און איך און דו? — די לעצטע שאָטנס פון אַ שאָטן
איבער אַ טויטן טײַך, וואָס איז אַוועקגעפלאָסן
צום ערגעץ נישט. ווער האָט אונדז פאַרשלאָסן
אין טויטע שטעט, וואָס קיינער האָט זיי קיין מאָל נישט
געבויט? דער נישט־הי און נישט־דאָרטן
איז אונדזער וואָר. מיר זענען דער עץ־הדעת אין גאָרטן
וואָס די שלאַנג האָט אויפגעגעסן. מיר האָבן פאַרגעסן
אַפילו דאָס פנים פון דער שלאַנג. מיר זענען אויסגערונען פון מעת־לעתן
ווי זאַפט פון געפּלאַצטע קאַרשן.
אוי, איר ווערטער־מילן איבער נאַקעטע קברים.

דער שוואַנענהאַלדז פון טורעם בעט: שנײַד מיך איבער!
דער טויט שפּרינגט אַריבער. דער טורעם שעמט זיך, ער ווייסט: זײַן באַפעל
קלעטערט נישט צו ערגעץ. צו וואָס דער אָנשטעל? די קעל
פון נביא ווערט האָלץ, דער נביא איז צניעותדיק־שטאָלץ
נביאות־זאָגן פאַר קאַרליקעס פון ליים. דער נביא גייט אַהיים.
ווו איז היים? זײַן היים איז פאַראַנען?
די באַנען זענען פון וואָקזאַל נישט אַוועק
און וועלן צו ערגעץ נישט קומען.
די שיפן זענען פון די פּאָרטן נישט אַרויס
און וועלן צו ערגעץ נישט דערשווימען.
אַפילו די ראָבאָטן ווילן וויינען
מיט אונדז אין איינעם, נאָר אין זייער פאַרמעג
איז קיין איין טרער נישט פאַראַן. דער טומאַן
פרעסט אויף דעם וועג. לאַמטערן־קאַרליקעס

מיט געזיכטער פון שטאַרבנדיקע קינדער
שרומפּן איַין. אַ דאַנק פאַרן קאַפּל פּינצטערניש!
מיר הייבן די טויטע פינגער
און פּרוּוון שפּילן אויף דעם שוואַרצן פידל,
נאָר טויט איז אויך דער פידל.

קום, ריַיס אָפּ די סטרונעס זיַינע און פלעכט
אַ תליה אויס פון זיי אין ליידיקע אין־סופן.

אַרויסגעטריבן דעם חלום און דעם לעצטן סאָלאָווײ.
וואָס וועלן טאָן אין ליידיקן מוזײ
די משוגענע ראָבאָטן?

1968

# דער שטילער אַרכיטעקט

אַפּילו מלאכים שפּאַנען
ווי פּראָסטע טאָג־לוינער
צו זייער ווערק.
דער מאַן מיט טויזנט אויגן
איז נישט מער ווי אַ קליינער,
שטילער אַרכיטעקט:
אונטערערדיש,
אונטער וועלטס
טומלדיקע מערק,
בויט ער ווײַסע,
שלאָפנדיקע שטעט.
פאַר אַלע מידע ליפּן,
אַפּלען, אויערן,
עפנט ער בלויע טויערן
צו זײַן קעניגרײַך.
און אַנטקעגן — די מלכּה־שבת,
אין שטערן־שאַל פאַרדעקט,
שמייכלט, שמייכלט, שמייכלט
צום קליינעם, שטילן אַרכיטעקט.
פאַר וואָס זשע ציטערן ברואים,
אין גרויליקער שרעק,
בעת זיי דערהערן אָטעמען
דעם שטילן אַרכיטעקט?
ער שטייט קינדיש־פאַרשעמט
בײַם מענטשלעכן בעט,
זײַנע ליפּן בעטן זיך:
איך... איך... איך...
ער וויל געבן זיך דערקענען...
נאָר די אויגן פון חולה אין בעט

כליפּען און ברענען:
די יסורים־וועלף רינגלען אים אַרום,
אוי, די יסורים־וועלף!
שרײַט דער חולה: העלף, גאָט, העלף!
און זעט נישט ווי דער שטילער אַרכיטעקט,
בײַ זײַן געלעגער,
האַקט אָפּ די וועלפּישע קעפּ,
און שטעלט אָפּ דעם זייגער...
און אַז צײַט איז קיין־צײַט־נישט־מער,
שפּרייט ער איבער־צײַט
איבערן ווײַסן חדר...
און אַנטקעגן — די מלכּה־שבת
אין שטערן־שאַל פּאַרדעקט,
שמייכלט, שמייכלט, שמייכלט
צום קליינעם שטילן אַרכיטעקט...

אַפּריל, 1968

## קיינער געדענקט נישט מער דעם סיפור המעשׂה

און ער האָט געזאָגט:
„וועלט אָן גאָט? ווער דאַרף עס?“
ער האָט אויפגעהויבן דעם ביינערנעם האַמער
און אַלע גרויסע
און קליינע שפּילעכער,
אין זײַן שפּיל־שטוב,
גענומען פּאַרטיליקן:
די הימלען צעריסן, די מזלות פאַרלאָשן,
און דערנאָך די ערד.
און אַז ער האָט די ערד פאַרתוהו־ובוהוט,
האָט ער אויפגעהויבן די אויגן
צו זײַן שפּיל־שטוב,
און דערזען:
אין וויגל, איינע אַליין,
איז די ליאַלקע געלעגן.
אירע אויגן גרויס און בלוי,
און די צעפּ פון טרויעריק גאָלד.
האָט ער געוואָלט אַ הייב טאָן דעם האַמער,
נאָר זײַן האַנט האָט נישט געפאָלגט.
איז ער געבליבן שטיין אַזוי,
מיטביידע פיס אין גאָרנישט,
און מיט ביידע הענט,
אַרויסגעשטאַרצטע פון גאָרנישט,
האָט ער אַ הייב געטאָן די ליאַלקע פון וויגל
און איז שטיין געבליבן אַזוי,
איינער אַליין מיט דער ליאַלקע,
אין דער שפּיל־שטוב, דער אָנקלאַנגיקער,
אָנפאַרביקער, אָנריחדיקער,
געשטאַנען אַזוי פון אייביק ביז אייביק...

— „וועלט אָן גאָט? ווער דאַרף עס?"

אַזוי געזאָגט ער האָט אַמאָל... ווען איז עס געווען?

קיינער געדענקט נישט מער דעם סיפּור המעשׂה...

מײַ, 1968

## אוי, טוט אונדז באַנג

מוזיק,
מוזיק,
מוזיק!
קיינער זעט נישט
די האַנט
וואָס האַלט
די שטערן־באַסאָנען.
ווי קלוג ס'איז דער מײַסטער,
ער אַנטפּלעקט נישט זײַן פּנים.
אַפילו די סימפאָניע
האָט נישט קיין נאָמען,
און איז שטענדיק
נישט פאַרענדיקט.

אָפּקלאַנג,
לאַנג־באַנג...
וועמען טוט באַנג?
דעם ערב־קלאַנג
אויף פּורפּור־ליפּן
פון זונענפאַרגאַנג.

דער קליינער פאַסטעך,
אין טיפן טאָל,
האָט געפּרוווט פאַרנאַרן אים,
אין זײַן בלויען פײַפיאָל,
און די קלוגע בין,
אין בעכער פון רויז,
האָט אים, ווי אַן אורח,
פאַרבעטן אין הויז...

און איך און זי?
מיר זענען געשטאַנען, פּאַרכטיק,
אויף די קני,
פאַר אָט דעם קליינעם גאָט,
דעם ערב־קלאַנג
אויף פורפור־ליפּן
פון זונפאַרגאַנג.
באַנג, באַנג, באַנג.
וועמען טוט באַנג?
מיר און דיר און איר,
אַלעמען טוט באַנג...
אוי, טוט אונדז באַנג!

יוני, 1968

## די לעצטע קרעטשמע

קומט, די לעצטע קרעטשמע וואַרט אויף אונדז!
צי ווייסט איר ווער די לעצטע קרעטשמע איז?
אַז ווײ און ווינד צו אונדז,
ווערטער־ווערטער־ווערטער־קרעטשמע.
דער קרעטשמער שפּאַנט אין ספּאָדיק
פון זילבן, און אויף זײַנע פּלייצעס —
אַ גילדן פּאַס פון ווערטער,
און דער ווײַן, וואָס דאַרף דערפרייען
אונדזערע הערצער,
ווײ און ווינד צו אונדז,
פון טרויבן־טראָפּן אַ געקעלטערטער!
און אונדזערע גומענס זענען צונטער־רויט
פון נײַן מאָס רייד.
ווער זשע שטייט אין ווינקל־שענק ווײַנענדיקערהייט?
דער זיידע תּרח שטייט.
ווײ און ווינד צו אונדז,
מיט פײַער־שטויב
ער וויל די געטער זײַנע פאַרלאַטעווען.
אויף טישן ליגן זעקס און דרײַסיק צדיקים
און לאָזן זיך קאַטעווען.
און אַרום די געקאַטעוועטע,
אויף אַ ווײַסן אייזל רײַט
אַ קאַרליקל: וויאָ, שרײַט ער.
ער האָט קיין צײַט נישט,
ער אײַלט זיך אַהין...
ווּהין?
קיינער ענטפערט נישט.
די שטילעניש, אַ קופּערנער טויער,
פאַרריגלט אַלע ווערטער.

מיט אַ מאָל דערהערט זיך אַ געכליפּ: מאַמע! וווּ איז די מאַמע?
דעמאָלט ווערט די שענק אַ ווײַסע וויג,
און די זעקס און דרײַסיק צדיקים די געשמיסענע
קלעטערן אַרײַן אין די וויגן,
און נאָך זיי — די חכמים און די שופטים
און דאָס קאַרליקל מיטן אייזל,
אַלע קלעטערן אַרײַן אין די וויגן.
און פון וויגישער טיף,
טריף־טריף־טריף,
טריפט אַ געוויין:
— מאַמע! וווּ איז מאַמע?

יולי, 1968

## דערפרייט אַ יידישן פּאָעט

דער קאַפּיטאַן
פון דער שיף
„קאַגיראַן",
וואָס איז אונטערגעגאַנגען
פאַר הונדערט יאָר
אין אינדישן אָקעאַן,
איז הײַנט געקומען צו חלום
דעם פּיטן
יעקב בן שלום.
געווען איז טיף־נאַכט,
בעת איך האָב מײַנע אויגן פאַרמאַכט
און אויפגעמאַכט
די צווייטע פאָר אויגן,
וואָס זענען נישט פון „נעכטן",
נישט פון „הײַנט" און נישט פון „מאָרגן",
נאָר פון תמיד און אַלע מאָל.
מײַן בעט — אַ מאָכיקער טאָל
צווישן אָדם הראשונס קוואַלן.
און פונקט ווי אָדם הראשון,
בין איך אַליין און פאַרפאַלן,
(חוה שלאָפט נאָך אין מײַן ריפּ).
מיט אַ מאָל דערהאָרך איך: וואַסער־טריט,
אַ מאַן, אין פלוס־פעדערן,
שפּאַנט איבערן ים:
— איך... איך בין, זאָגט ער,
מאַדערוס, דער קאַפּיטאַן
פון דער שיף „קאַגיראַן".
איך דערלאַנג אים שלום
מיט מײַנעביידע הענט,
וואָס זענען בלוי פון חלום.

— איך האָרך, וואָס וועט איר זאָגן
גוטס, קאַפּיטאַן?
ער לאַכט מיט אַ קול
וואָס איז נאַס און גליטשיק,
פול מיט פלוס־פּעדערן פון אַ פיש:
— גוטס? ברומט ער — עט, פּעטרישקע מיט באָרשט,
דער עיקר: איך בין דאָרשטיק, מיך דאָרשט
נאָך אַ וואָרט, אַ מענטשלעך וואָרט.
אַוודאי שוין הונדערט יאָר,
אַז איך האָב נישט געהאָרכט
קיין מענטשלעך וואָרט,
אַ לעבעדיק־וואַרעם־מענטשלעך־וואָרט...
איך קוועל אויף פון פרייד:
גאָט, מײַן גאָט! און צעבינד
פלאַטערדיקערהייט
מײַנע הונדערט טויזנט פולע זעק
מיט רייד...
אַזוי פיל פּאַרלעגערטע סחורה, זאָג איך,
ווער האָט זיך גערעכט,
אַזוי אומגעריכט
וועט מען קענען פאַרצוקערן
אָט די אַלע טערפּקע־זיסע
ייִדיש־ווערטער...
אוי, אוי, קאַפּיטאַן
פון דער שיף „קאַגיראַן"
וואָס איז אונטערגעגאַנגען
פאַר הונדערט יאָר
אין אינדישן אָקעאַן,
אוי, ווי איר האָט עס דערפרייט
דאָס עלנטע האַרץ
פון אַ ייִדישן פּיטן!

אויגוסט, 1968

## נאָר איך אײנער װײס

דער שטערן
„יאַנקאַלי״,
דער פּלאַנעט פון יסורים.
יעדער שטערן־זעער װײסט
זײַן שטערן־גאַנג,
זײַן ליכט־װאָג
און זײַן אָרט
אין שטערן־געמאַרק.
נאָר קײן אײן שטערן־זעער
װײסט נישט
װיפל װײ און װינד,
װיפל אין־סופן
מיט יסורים
עס שװײַגן פאַרניסתרט
אין קלײנעם פּלאַנעט
„יאַנקאַלי״.
נאָר איך אײנער װײס עס,
װאָרעם אָט דער קלײנער שטערן
כליפּעט אַזױ נאָענט בײַ מײַן שױב,
אַזױ נאָענט בײַ מײַן בעט,
אַז עס קען זיך דוכטן:
איך אַלײן... איך אַלײן
בין דער שטערן,
דער פּלאַנעט פון יסורים.

אָקטאָבער, 1968

## לידער

א

וועמענס האַנט
איבער שטערן־קאַרוסעל?
די זעלבע האַנט
איבער מוראַשקע
אויף מײַן שוועל.

וועמענס האַנט?
אַלע לבנה־גערטנער
אויף מײַן וואַנט
בייגן די קעפּ, ווי קינדער,
אונטער דער מאַמעס
מאַמישע פינגער.

קיינער זעט נישט די מוטער,
נאָר איר האַנט
ציטערט, ציטערט
איבער שטערן־קאַרוסעל,
איבער מוראַשקע
אויף מײַן שוועל,
און אַזוי, אויך אַזוי
איבער מײַן עלנטער פעל.
וועמענס האַנט?
קיינער זעט נישט די האַנט.
אין וואַלד, בײַם באַרגיקן ראַנד,
האָט אַ קוואַל, אַ רגע לאַנג,
געחלומט די האַנט...
איצט וויינט דער קוואַל
און זײַן געוויין

האָט אַ רגע לאַנג
מײַן חלום געזען.
איצט װײנט מײַן חלום.

ב

מיטנאַכט
װערט די ערד
אײַנגעשרומפּן־קלײן
װי דאָס פּנים פֿון אַ זױגלינג.
אירע ליפּן
ציטערן װי בײַ אַ נײַ־געבױרענעם,
װאָס זוכט די ברוסטן
פֿון דער מוטער.
װײ־װײ צום זױגלינג;
אין בעט פֿון געשטערן
אָטעמט לעצטע לײדיקע שטילקײט:
די מאַמע װאָס גערוט האָט אין בעט
איז געשטאָרבן. און דער זױגלינג
ניוכעט צום לעצטן ריח פֿון איר אָטעם,
װאָס אין לײדיקן בעט נאָך פֿאַרבליבן
פֿון אײדער־אײדער.

ג

פּחד מײַנער — שװאַרצער געפּלײץ
אין געפּלאָנטער פֿון מטורפֿע װעלדער.
אַלע קינדער שרײַען פֿון שװאַרצן געפּלײץ:
— טאַטע, ראַטעװע!
מײַנע ציטערדיקע פֿינגער,
דינער פֿון לבֿנה־ליכט,
פֿלאַטערן איבער בלאָנדע קעפּ
פֿון דערטרונקענע קינדער.

נאָר מײַנע פינגער זענען נישט מאַכטיק
ווי גאָטס האַנט,
מײַן האַנט קען נישט ראַטעווען.
ווערט זי אַ דערשראָקענע לבנה
איבערן שוואַרצן טײַך.

צווישן וואָלקנוועלף.
שרײַען קינדער: טאַטע, העלף.
און איך, איך, איך
פאַל אַרויס פון זיך
און פאַל אויפן געזיכט
פון דערטרונקענע קינדער
אין שוואַרצן טײַך,
וואָס האָט קיין סוף נישט.

ד
אַלאַיִדע,
סאָלאָ,
סאָלאָ,
סאָלאָוויי!
איך בין דער שניי,
וואָס שנייט, שנייט
אויף דײַן כּלה־קלייד.
כּלה, טויטע כּלה!
אַלאַיִדע, אַלאַיִדע,
אַלע פייגל
זענען מידע
אַרײַנגעפלויגן
אין מײַנע אויגן.
אוי, די אויגן מײַנע,
ווער וויינט נישט אין זיי?

די גוססדיקע מוראַשקע
אין האַרץ פון שניי,
דער אַלטער שטערנבער
און דער לבנה־פלויער.
זע, אַלאַיִדע,
בײַם גילדענעם טויער
די שיף שטייט גרייט.
כּלה מײַנע
אין טויטן חופּה־קלייד,
איך הייב דיך מיט ליבשאַפט
פון שנייִקער טיף
און טראָג דיך מיט ליבשאַפט
צו דער פורפורנער שיף.
וווּהין וועלן מיר שווימען אין דער לעצטער נאַכט ?
אַלאַיִדע, אַלאַיִדע,
טויטע כּלה !

1969

## אַלע באַנען

אַלע באַנען, אין חלום,
לויפֿן ווי דולע אין דולהויז.
וווּהין לויפֿן באַנען אין חלום?
קיינער פֿירט נישט די באַנען אין דולהויז.
ווי משוגעים, פֿון שפּיטאָלישע פֿענצטער,
שפּרינגען אַרײַן באַנען
אין האַרץ פֿון דער פֿינצטער.
קלינגען וועגווײַזערס: גלין־גלאָן,
גלין־גלאָן... פּאָכען מיט שוואַרצע פֿאָנען:
קאַטאַסטראָפֿעס!
נאָר די באַנען אין חלום
זענען נישט תּופֿס
און יאָגן אַלע, אַלע, אַלע
צו די אָפֿענע אָרעמס
פֿון מײַן כּלה...
מײַן כּלה איז דער תּהום
אין טיפֿנאַכט.
אַלע פֿאַרפֿרוירענע רעגנס
פֿרירן אין איר טראַכט,
אַלע געשטאָרבענע פֿייגל
ווינען אין אירע ריפּן,
אַלע אונטערגעגאַנגענע שיפֿן
פֿינצטערן אין אירע דיכן.
כּלה מײַנע, כּלה! דער לעצטער נצחון
פֿון אַלע נצחונות,
צווישן ערד און הימל,
איז די אויסגעשטרעקטע האַנט
צום גורל...
ביסט מײַן און איך בין דײַן

פון אייביק ביז אייביק.
וואָס זשע יאָמערן וועגוויַיזערס
ביַי מיַינע ברענענדיקע טויערן?
זיי ווייסן נישט, אַז פראַכט מאָל פראַכט
איז דער פראַכט־גאַנג צום גורל?

פעברואַר, 1969

## אין הײלן

איך שלאָף אין פעלדזיקע הײלן
און אַרום, אויף מירמעלנע טרעפּ,
טאַנצן, אין װעלפּישע פעלן,
כּלות מיט בראָנדזענע צעפּ.

די שענסטע מיט גלעקער באַהאָנגען
און ס׳גלעקלט צעזילבערט איר קול.
איצט געדענק איך: מיט איר, אין די פעלדזן,
איך בין געשלאָפן פאַר יאָרטויזנט אַמאָל.

איך געדענק נאָך דעם גערוך פון די ברוסטן
און פון לענדן אונטער װעלפּישער פעל.
װי אַ מאַלינע אַ רױטע אין קוסטן
לײַכט נאָך די רובינענע קרעל,

די קרעל, װאָס געשענקט אַ מתּנה
איך האָב, פאַר יאָרטויזנט, אויף חתונה־בעט.
איצט גײט אויף די זעלבע לבנה
איבער די זעלביקע, פעלדזיקע שטעט.

נאָר איך בין געאַנדערשט אַ קאַפּל,
בעת איך רו אין איר שויס
מאַכט עמעץ אין מיר דעם סך־הכּל
װעגן גורל פון אײביקן קרײַז...

נאָר באַלד װער איך מיד און פאַרשלאָפן.
דער שומר פון טעמפּל ער שפּאַנט
און קלינגט אין מעשענע גלאָקן,
װאָס שטאָלן אין זײַן מעשענער האַנט.

וואַכן אויף די בערג מיט געלעכטער,
(געלעכטער פון קופּער און גאָלד).
זעכציק מירמעלנע חכמים, לעבן וועכטער,
נידערן אַראָפּ צונעם פאָלק.

יובלט דאָס פאָלק און איך יובל,
רופט זיך אָן דער ערשטער גרייז:
— פאַראַן אַזאַ פעלדזיקער שׂכל
אין געזעץ פון אייביקן קרייז...

רעדט דער חכם דער צווייטער אין חלום,
דאָס קול זיינס פאַרקאָוועט אין אייז:
— דער אמתער שׂכל מאַכט שלום
מיטן גורל פון אייביקן קרייז...

לאַך איך צום טאַנץ פון די קרייזן,
איבער שטילקייט פון מירמעלנע טרעפּ,
קוש די כּלות, אין וועלפישע פעלן,
זייערע לאַנגע בראָנדזענע צעפּ.

און בענטש די נאַכט אין די היילן,
און דעם חלום פון אַ מידן פּאָעט...

## אַלץ איז קאַפּויער

אַלץ איז פאַרקערט און קאַפּויער
צווישן משוגענע ווענט.
גאָט אַליין האָט אײַנגעמויערט
אין געמויער זײַנע הענט:
גאָרנישט זאָל זיך מער דאָ בײַטן
אין קידער־ווידער פון די צײַטן...

די זון איבער דאַך און דעם שטערן־געסדר
האָט דער דולער אַרכיטעקט
אײַנגערעדערט אין רעדער
פון זייגער, וואָס ער אַליין האָט אַנטדעקט.
אויף צוועלף דער ווײַזער גליווערט פאַרזיגלט,
די צײַט האָט אין דולהויז אַליין זיך פאַרריגלט.

אָנהייב און סוף צוזאַמענגעגלידערט.
גאָרנישט איז וואָר דאָ.
טויט און אומזין פאַרברידערט,
זענען דאָס אײנציקע פּאָר דאָ.
און דער אַרכיטעקט, אין דולהויז אַליין,
דערמאָנט זיך נישט מער, צי ער איז אַמאָל דאָ געווען...

יוני, 1969

## אין שפּיגל

דער אין שפּיגל —
בין איך עס?
ווער האָט,
ווי אויף לוחות,
געקריצט אין מײַנע קנייטשן
געבאָטן, וואָס איך אַליין
קען נישט טײַטשן?

אַ גאַנץ קאַרליק־פֿאָלק,
אויפֿן מידבר
פֿון מײַן שטערן,
ציט צו די האַלבאינדזלען פֿון מײַנע שלייפֿן.
ווער האָט געטאָן זיי שיקן און אין ווענעמס שליחות?
איך פֿאַרשטיי נישט דאָס לשון,
מיט געהיים־כּתב
אין מײַנע הויטן פֿאַרשלאָסן.

מיר דוכט:
אַליין איך בין
דער גילדענער שליסל
צו מײַן אייגענעם טויער.
איך אַליין האָב דעם שליסל
אַרײַנגעשלײַדערט אין ים.
איצט קען איך נישט מער
אויפֿריגלען די טיר צו זיך...

אַ מאָל ווינקען
קאַרליק־פֿעלקער
אויף מײַן שטערן,

זענען מרמז עפּעס.
אָט... אָט... און אין אַ רגע
באַהאַלטן זיי זיך ווידער
אונטער וואָלקנס
פון מײַן הויט...

איז צו וועמען
זאָל איך געגנענען
און פרעגן:
— מי אנוכי?...

יולי, 1969

## די גרויסע חתונה

קלעזמער,
מיט דערשראָקענע פידלען,
ריַיטן אויף וואָלקן־פערד
צו דער גרויסער חתונה.

קיינער קען נישט
דעם חתן,
קיינער נישט
די כּלה.
נאָר אַלע, אַלע
מיט אָפענע אַפּלען
און געשפּיצטע אויערן,
גאַפן צו די טויערן
אין די מויערן
פון דער שטאָט.

וואָסער שטאָט?
קיינער קען נישט
די שטאָט,
קיינער נישט
דאָס לאַנד.
נאָר אַלע, אַלע
יאָגן נאָך אַנאַנד,
ווי משוגענע טיַיכן,
באַרג־אַרויף,
מיטן דערשראָקענעם קאָפּ
פון לבנה.

די קלעזמער,
אויף וואָלקן־פערד,

שוויַיגן ווי וועלדער
אין טיף־נאַכט,
נאָר אין זייערע אינגעווייַדן
פלאַקערט בהלה:
טאָמער, טאָמער, חלילה,
וועלן זיי פאַרגעסן
דעם ניגון,
געהיטן אין פידלען
פאַר דער גרויסער חתונה...

וואָסער חתונה?

אויגוסט, 1969

## קעניג־טאַנץ

די קעניגין
אין דער שוואַרצער קאַרעטע
ווינקט מיט טויזנט אויגן.
צו וועמען ווינקט די קעניגין
פון יעדנס לאַנד?

דאָס קראַנקע פערד,
ביַים נאַכטיקן ראַנד,
האָט דעם קאָפּ דערשראָקן איַינגעבויגן.
די מוראַשקע ציטערט אין זאַמד,
און דאָס קליינע שוועלבעלע
אין פינצטערן וואַלד
באַהאַלט זיך פאַר דער מלכּהס אויגן.
נאָר איך... איך גליַיך אויס מיַין געשטאַלט
און גיי דער מלכּה אַנטקעגן:

— קעניגין, זאָג איך,
איך בין דיַינער פון אַלע אייביקייטן.
לאַכט די מלכּה, טוליעט מיך צום האַרצן,
און עס דופטן אירע ברוסטן
ווי שניי אויף רויטע קאַרשן.

— הוי, קעניגין, כּלה מיַינע, לעצטע כּלה,
קריַיז אַריַין מיך אין דיַין קריַיז.
און די אויגן קוש איך, אירע —
שוואַרצע מאַלינעס אין איַיז...
אוי, סאַראַ קעניג־טאַנץ,
וויַיס אין וויַיס,
אין שנייִיקן־געבלי...

איך און זי,
איך און זי
אין טאַנץ, טאַנץ־געפלי,
צאַרט ווי געשוועב פון לבנה־ליכט
אויפן געזיכט
פון אַ בלינדער...

קעניגין, קעניגין, איך בלי אַרײַן אין דיר,
ווי שטילקייט אין האַרצן פון ווינטער.

אָקטאָבער, 1969

## ביטניקעס ווײנען

מײַנע ווערטער — זײדעס,
לאַמעדוואָוניקעס,
ניסתּרים, פֿון יענער־זײַט
פּלויטן,
האָבן מיט אַ מאָל,
אין טאָל
אָפּגעשטעלט די בוידן:
מיר ווילן נישט
ווײַטער פֿאָרן,
מיר ווילן, אויף די אַלטע יאָרן,
ווערן —
ביטניקעס...

זײ לאַכן די ווערטער,
און אײדער ווען און וואָס,
טאַנצן מיט צימבלען
אין גרינעם גראָז
יונגען און מײדן:
טידל־דימבל,
דער ווײטיק —
אַ שטײנערנער צימבל,
טראַלאַ־לאַלאַ!
איך גאַף אויף זײ:
זענען דאָס די ווערטער מײַנע?
אַלע שטײען זײ,
אַראָפּ די קעפּ,
און צו הימלען — די פּיאַטעס,
זײ זענען מקדש די לבנה,
וואָס טרינקט זיך אין טײַך.

דערנאָך רייַסן זיי אָפּ
אַ קרענצל שטערן:
— מאַך אַ ברכה אויף די טרויבן,
זאָגן זיי...
זיי בייגן זיך צו אַ רויז
און טרינקען אויס די גאַנצע ראָסע,
דערנאָך זעצן זיי זיך, אין ראָד,
אויף אַ פויגל און פליִען.
— וווּהין פליט איר, וווּהין?
— אין ערגעץ נישט!
— ווּ איז עס „אין ערגעץ נישט?"
— אומעטום!
איר הערט רייד?
ביטניקעס רעדן.
צום ערשטן טוען מיר ווי זייערע רייד,
דערנאָך הייב איך זיי אויף פון גראָז
און לאָז זיי אַרייַנפליִען אין מיַין פלייט...
אַצינד ווערן זיי בעלי־בתים
אין מיַין פלויער.
זיי וויינען: ווי אונדזערע ווילדע קאָלטענעס
שמעקט דער טרויער,
ווי אונדזערע באָרוועסע פיאַטעס,
ווי אונדזער נע־ונד,
ווי ווילדע פייגל־טשאַטעס,
וואָס האָבן קיין מאָל קיין היים נישט געהאַט.
אַפילו גאָט איז עלנט,
גאָט — אונדזער נאַשבראַט!
ביטניקעס וויינען.
און איך שפּאַן אַצינד
דורכן מידבר, מיט זיי אין איינעם.
וווּהין?

— צום ערגעץ נישט.
— ווו איז עס „אין ערגעץ נישט?"
— אומעטום!
טראַלאַ־לאַלאַ.
שטערן פֿאַלן,
אומעטום.
אוי, וויסט און פֿינצטער
איז צו די ווערטער מײַנע.

נאָוועמבער, 1969

## מאַסקנבאַל

### א

זינגענדיקער אַראָפּ־פון־זינען,
אומזיניקער געשאַל.
קאַרליקעס אויף ריזן־שפּינען
רײַטן מיד צום מאַסקנבאַל.

לונאַפּאַרק. פּלאַנעטאַריום.
קאַרוסעלן נאָך אַנאַנד.
אַלע קינדער אויף ראַקעטן
אין האָקוס־פּאָקוס־לאַנד.

לונאַפּאַרק. פּלאַנעטאַריום.
דולער קאַראַהאָד.
פּלוצעם שרײַט אַ קול דערשראָקן:
— און גאָט? ווו איז גאָט?

עפענען קאַרליקעס די אַפּלען:
— מאי־קא־משמע־לן געשריי?
אַפילו קינדער נעמען צאַפּלען
אין קאַרוסעלישן געדריי.

געדריי פאַרדרייטער, אײַנגעקרײַזטער,
דולער מאַסקנבאַל.
ס'ליגט דער מײַסטער, קאַפּעל־מײַסטער,
טויט אין טויטן זאַל.

### ב

אין מיטן וועלט פאַרלאָזן
שוואַרצט אַ טויטע מיל.

קלעזמער, פון שניי געקנאָטן,
אײַנגעפרוירן אין מיטן שפּיל.

קיינער מאָלט נישט מער קיין ברויט דאָ,
קיינער זינגט נישט מער קיין ליד.
נאָר דער שניי, דער שניי וואָס בלויט דאָ,
די פּערל־שטערן היט.

די פּערל־שטערן, פאַר דער כּלה,
וואָס טויטער מײַסטער האָט געלאָזט,
איידער ער האָט נאָך די קאַפּעליע
פאַרגעסן הפקר אויפן פראָסט.

ג

דער טומאַן ווי אַ לאַם פאַרנורעט
אין האָניק פון שלאָף.
ווער זשע ציט די גלאָקן און וואָרנט
די טומאַניקע־תמיקע שאָף?

לעמער טוליען אברים פאַרדרימלט
און זשמורען די אַפּלען מיט שרעק.
טײַכן, אין נאַכט צעטומלט,
יאָגן פאַרטײַעט צום ברעג.

אומעטום פּחד פאַר וועקער
און מורא פאַר סוד פון גאַנג.
נאָר גלעקער, גלעקער, גלעקער
רופן מיט געוויין און געזאַנג.

מעקען די רינדער דערשראָקן
אין פינצטערע פעלן פאַרדרייט.

און איך... איך צי די גלאָקן
אין זייער אינגעווייד.

איך בין קלינגער און וועקער,
איך בין חיה־טומאַן.
איך בין ראָזער אָנהייב פון ווערטער
און שרעק אין תמיקן לאַם.

איך. איך בין. ווער בין איך?
די שטילקייט פון חצות. כאַטש
אין אַ רגע — דער קוטשער ווער איך
פון גרויסער שטערנקאַטש.

איך טרײַב די שטערנבערן
מיט מײַן גאווהדיקער בײַטש.
נאָר פון מינדסטן קלענסטן שטערן
מײַן האַרץ באַנעמט נישט דעם טײַטש.

לאָז רוען, זאָג איך, דעם שטערן־וואָגן
און דעם שווערן פאַרהוילענעם גלאָק.
סאַראַ פחד פאַר פאָרן און דערפאָרן
און מורא פאַר קלאָרקייט פון זאָג.

אַלע בלויקייטן פון קאַיאָרן
שרעקן זיך צו ווערן טאָג.

ד

אַ נאָמען וויל איך פאַרטראַכטן
פאַרן געזיכט פון יענער־זײַט־ליכט.
אַלע דאַכטענישן וואָס דאַכטן
קומען משוגע, אומגעריכט.

שטאַמל איך סתם אַזוי ווערטער:
קלונג, קלאַנג, קלינג.
ווערן קאַפּוירער און פֿאַרקערטער
אַלע לידער וואָס איך זינג.

גאַף איך, גאַף מיט טרויער
אויפֿן משוגענעם יריד.
פּלוצעם זע איך: פֿון קאַפּויער
ווערט נאָך אמתער מײַן ליד.

און אויך וואָרער דײַן נאָמען
און דײַן געזיכט פֿון יענער־זײַט־ליכט.
אַלע שיינקייטן קומען
משוגע ווילד און אומגעריכט.

1969

## כי טוב

די אָרעם־מאָלצײַטן,
וואָס טעג און נעכט
שפּאָרן אָפּ פֿאַר מײַן געזאַנג,
איך װעל בענטשן זיי:
„כּי טוב".
און צום דין־דינעם
גאָלד־זאַנג
אין מײַן שויב,
פֿאַר טאָג,
דאַוונט מײַן זאָג:
— הוי, סאַראַ גערעטעניש!
דערנאָך שטייט מײַן ליד
מיטן זונברויט
און גאַפּט אַנטקעגן רעטעניש:
אַלע פֿייגל פֿליִען אין זײַנע הימלען,
אַלע כּלות פֿלאַטערן אויף זײַן ערד,
און אַלע רגעס פֿון טאָג
גייען אַרײַן און אַרויס,
ווי אין אָפֿענע טויערן
פֿון אַ יום־טובֿדיקער שטאָט.

קוועלט מײַן ליד
צו די אָרעם־מאָלצײַטן,
אין ערדענע פּראָסטע געפֿעסן,
אויף אָרעמע הילצערנע טישן,
קוועלט מײַן געזאַנג:
— אוי, סאַראַ עשירות!
און ער נעמט אַלע שפּיל־כּלים
אַראָפּ פֿון די לבֿנהקע ווענט,

אַלע פידלען און פלייטן,
אַלע פּײַפּיאָלן און האַרפּעס,
און מיט בלויזע צען פינגער
שפּילט ער בײַם קעניגלעכן טיש.

דאָס דאַנקט מײַן ליד
אַזוי פאַר די אָרעם־מאָלצײַטן,
און קוועלט מיט אַלע שטערן,
אויף אַלע קוואַלן פון דער וועלט:
„כּי טוב!"

1970

## ווייל איז מיר

וואָלט איך איצט אַ יונג געווען
פון אַכצן ווילדע יאָר,
מיט אַ וואַלד יאַגדע־רויטע־האָר
העט העט ביז די דיכן,
איך וואָלט קלינג־קלאַנג־פּריילעך
געלאָפן זוכן
דעם מלך
מלכי המלכים, הקדוש ברוך הוא.

אין בני־ברק
ווייסט מען שוין ווו גאָט וווינט,
און, להבדיל, אין וואַטיקאַן און אין מעקאַ...
נאָר איך איינער, ווויל צו מיר,
ווייס נאָך נישט.

סאַראַ תענוג נישט־צו־וויסן.

וועלדער, טיף־נאַכט,
ווייסן נישט ווער זיי זענען,
טײַכן, אין פינצטערניש,
ווייסן נישט, וווּהין זיי לויפן.
און איך, יעקב בן שלום,
קלעטער ווי דאָס געבלעטער
פון אַ קנאָספּ אין חלום
פון אַ מײַסטער,
וואָס ווייסט נאָך נישט געננוי,
ווי אַזוי
דעם צמחס פנים
וועט האָבן אַ פנים...

אין בני־ברק ווייסט מען שוין
און, להבדיל, אין וואַטיקאַן,
נאָר איך אייינער בין כּולו תּם.

איך הויער בײַ אַ הויז
וועמענס געהויז
מען האָט נישט אָנגעהויבן נאָך בויען...
ווייל איז מיר,
איך בין תּוהו ובוהו.

ווען וועט ער קומען
באַשאַפן דאָס געשטערן אין מיר?
ווען וועט ער עפענען מיך
ווי אַ טיר,
צו...?
ליו־ליו,
ליו־ליו.

זינגט, קלינגט
דאָס וויגליד.
איך זע נישט די מאַמע
און נישט די וויג,
נאָר דאָס זינגענדיקע, קלינגענדיקע
געוויג
לוליעט, טוליעט
מיך צו זיך...

איך... איך...
רוף מיך נישט בײַם נאָמען.

איך בין...

אין בני־ברק
ווייסט מען שוין,
און, להבדיל, אין וואַטיקאַן.
נאָר איך בין כּולו נישט־וויסעניש.
און ווי די טיף־נאַכט
אין איר פינצטערניש,
וויקל איך זיך אין מײַנע
יאַגדע־רויטע האָר.
און גוט איז מיר
מיט מײַנע אַכצן ווילדע יאָר.

ווער ס'וויל קען קומען זיי קלײַבן
ווי מאַלינעס אין וואַלד,
ווי קאַרשן אין גאָרטן,
ווי שטערן אין טײַך.
איך בין קיינעמס נישט
און אַלעמענס.
איך בין...
ווייל איז מיר,
איך ווייס נישט
ווער־איך־בין!

יאַנואַר, 1970

## פאַרבן

פאַרבן
שטאַרבן
נישט.
ס'מישט
דער מייַסטער
און פאַרמישט
געיובל פון פורפור
מיט צניעות פון שניי
און פירט
צו דער חופה זיי...

פאַרבן
שטאַרבן
נישט.
ס'מישט
דער מייַסטער
און פאַרמישט
אין זייַן טיגל:
כליפּענדיק שוואַרץ
אויף פאַרהאָנגענעם שפיגל
מיט בלוי פון קינדער־אויג
אין ראָזן וויגל.

פאַרבן
שטאַרבן
נישט.
ס'מישט
דער מייַסטער

און פאַרמישט
פאָר־צו־פאָר־קאָלירן
און טוט צו חופּה־בעט
זיי פירן...
און ער שטייט
און גאַפט,
ווי פאַרב
מיט פאַרב
זיך פּאָרן.
און ער קוועלט
צו יעדן פאַרבן־קינד,
וואָס ווערט געבאָרן.

פאַרבן
שטאַרבן
נישט.
יעדע פאַרב באַזונדער
שענקט אַוועק איר פּנים,
צום געזיכט פון אירע קינדער...

פאַרבן
שטאַרבן
נישט.
זיי האָבן האָלט
די פינגער
פון פאַרבן־האַר
און ס'איז זייער שׂכר:
דער וווּנדער
פון פריש־געבוירענע
פאַרבן־קינדער...

פאַרבן
שטאַרבן
קיין מאָל,
קיין מאָל
נישט...

יאַנואַר, 1970

## גענעטישע באַנק

אור־פינצטערניש פון טיף־נאַכט,
אויסטערלישער פויגל אין געקרײַז.
פון וואַנען? ווּהין? ווי לאַנג?
אַלץ שלאָפט צווישן אייוויַס
אין דער גענעטישער באַנק.

קום! מיר וועלן אונדזער לײַב און לעבן
נישט איבערענטפערן אין הענט פון גורל:
אַליין וועלן מיר קלײַבן
אין אור־שטאָף אין רויען,
אַליין וועלן מיר, יורשים —
לויט אייגענעם רצון אויפבויען.

איך וועל קלײַבן
די אויגן,
כאַראַקטערן
און צורות
פאַר מאָרגנדיקע
דורות.

טיף־נאַכט אין דער גענעטישער באַנק.
פון וואַנען? ווּהין? ווי לאַנג
איז דער וועג צו גאָט?
וואָס מיינט: „גאָט"?
אפשר וועל איך, פליִענדיק,
פאַר מײַן מעזיניק,
טיף־זיניק, אויסקלײַבן
אין דער גענעטישער באַנק
גאָטס־מוח, אָנגופיק,
זײַן שטראַליקן געדאַנק?

די גענעטישע באַנק
איז אָפן,
און די שוואַלב פון מײַן גאַנג
פלאַטערט אַרײַן אין איר מיסטעריע.

מיסטעריע פון „איין־מאָל־איינס״
איז „איינס״.
איך און דו און זי
איז פּלי אין „איינס״.
סאַראַ פרייד־געשטראַל,
פריידיק־טרויעריק־און־באַנג.
ווער בין איך,
דער דערשראָקענער „איינס״
בײַ דער גענעטישער באַנק?

יאַנואַר, 1970

# אין זאָאָלאָגישן גאָרטן

אָוונטגאָלד.
דאָס זעלביקע טרויעריקע גאָלד
פון ערשטער שקיעה
רינט ווי ראָסע מילד
פון פײַגנבוים און שטראַלט
אַראָפּ אויף מײַן וויִע,
דערנאָך פליסט זי אַריבער
אויף דער ברעם
פון אַ טיגער.
איצט טאַנצט דאָס גאָלד־געשפּיל
אין וואַסער־געפּליסק:
אַן אַלטער בער
טוליעט זײַן פּיסק
צום פײַכטן זילבער
און טרינקט אין וואַסער
די ערשטע שטערן.
דערנאָך דרימלט ער אײַן
צווישן אַלע שלאָפנדיקע בערן.
נאָר איידער ער פאַרשליסט
זײַן וויִע־טיר,
באַווײַזט ער נאָך אַ רגע
אַ גאַף צו טאָן אויף מיר.
מיר גאַפן איינער אויפן צווייטן.
איצט גלאָצן פאַרחידושט
פאַרמעט־ווײַסלען פון מאַלפּעס,
מיט דינעם כּתב פון ערב־אָדם,
און צניעותדיקע כּלה־אויגן
פון וועווריקעס און פליושענע קרוליקעס.
הונדערטער אויגן אין פאַרהוילענער באַגעגעניש.

און איבער אונדז — ערשטע שטילעניש
פון גן־עדן.
פיר פּאָר אויגן פון לייבן
שפּאַנען, אויף ערשטן לבנה־געציר,
ווי אויף אַ בריק — צו מיר.
הונדערטער אַפּלען
טאַנצן אַרײַן אין טאַנץ
פון פאַרגאַפונג.
מו־מו־מוזיק!
ריזלעניש, רוישעניש,
אויגן־סימפאָניע,
קלאַנג־באַנג־געבלענד.
באַהאַלטן אין גאָרטן־טיף,
אָטעמט הייס דער דיריגענט.
קיינער זעט אים נישט,
נאָר די קלוגע הענט,
וואָס דיריגירן פאַרהוילן,
שפּיגלען זיך, ווי שטערן־ליכט
אין טײַך, אין אַלעמענס אויגן.

פעברואַר, 1970

## סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע

די מלכּה סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע,
פֿון קלינג־קלאַנג־לאַנד
קאַוואַלקאַדע,
האָט אויסגעטאָן די שטערן
פֿון הימל און די ביימער
פֿון די סעדער,
און מיט אַ פּראָסטער געגדזענער פֿעדער
אַרײַנגעשריבן אין איר טאָג־קאַלענדאַר:
אַלע מײַנע הונדערט שיינע לענדער
זענען נימאס מיר געוואָרן,
די זון אין קוואַל האָט קיין חן נישט מער,
און די לבֿנה־שײַן אויפֿן יונגן קאָרן
איז אַלט און סקוטשנע געוואָרן,
איך שענק מײַן גאַנצע וועלט פֿאַר אַ שפּילעכל, מײַן פֿאַזש.
אַזוי האָט די מלכּה סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע פֿאַרשריבן,
דאָס געשריפֿטס באַהאַלטן אין אַ פֿלאַש
און אַרײַנגעוואָרפֿן אין טײַך „סתם־פֿליס".
און איך, וואָס באָד אין טײַך מײַנע מידע פֿיס,
האָב פּלוצעם דערפֿילט אַ גלאָזיק געגלעט.
איצט לייען איך דער מלכּהס בריוו און איר טרויעריק געשפּעט.

אַוודאי און אַוודאי,
אויב ס'מעג טרויעריק זײַן
דער גרויסער מלכּה סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע,
דאַרף דאָך מיר טרויעריק זײַן טויזנט מאָל:
איך האָב קיין הונדערט שיינע לענדער
נישט אַוועקצושענקען,
און מײַן פֿידל, וואָס שעמט זיך אין גרינעם טאָל
אַזוי קינדעריש צו בענקען,
דאַרף סײַ ווי סײַ נישט קיינער.

דער זקן, וואָס וואַרעמט בײַם יאָרצײַט־ליכט
די אַלטע ביינער,
פילט קיין טעם אין מײַנע לידער
נישט... אַוודאי...
אוי, מלכּה, מלכּה, סאָלאָ, סאָלאָ נאַדע,
שיק דײַן רײַטוואָגן צו מײַן בלעטערפּאַל
און ברענג מיך צו דײַן קלינג־קלאַנג־לאַנד
קאַוואַלקאַדע.
איך בין עלנט ווי דו
און זאַלבענאַנד ווערט דער עלנט
גרינגער אַ קאַפּל.
דער טויִקער דימענט אין מײַן אַפּל
גאַרט נאָכן פאַררעגנטן בריליאַנט אויף דײַן וויִע.
ווען מיר זיצן אין דײַן ווײַנגאָרטן, אין שקיעה,
און וויינען צוזאַמען,
ווײַל אין הימל איז נישט פאַראַנען
נישט קיין טאַטע, נישט קיין מאַמע
און איבער ערד און איבער ימים
איז קיין רחמים נישט פאַראַנען.
ויין וויין, קעניגין,
סאַראַ תענוג צו וויינען.
און טויזנט מאָל דער תענוג גרויס
בעת מען וויינט אין איינעם...
זע, אַלע שפּילפּייגל פליִען
דערשראָקענע, מידע, נע־ונדע.
זיי טראָגן אין די שנאָבלען דײַן נאָמען:
מלכּה סאָלאָ, סאָלאָ נאַדע...

מאַרץ, 1970

## תפילה פון אַ גוסס

זײַ גנאָדיק, גלעגער,
דערבאַרעם דיך, קישן,
העלף, אַז גרינג ווי אַ שטערן,
וואָס פאַלט פון צווישן
אַלע ברידער געשטערן
אין זײַן אַליינקייט אַרונטער —
זאָל איך פאַרלאָשן ווערן
אין געשליפענעם ווינטער.

און פשוט אַזוי ווי מען זאָגט
צו אורחים: „גאָט־העלף",
זאָל גיין מײַן לעצטער טאָג
אַנטקעגן די טויזנט־אויגיקע וועלף,
וואָס לויערן בײַ טויערן
פון ווײַסן געפריר,
אויף אַלץ וואָס וויינט
און פאַרגייט אין מיר.

און שמעקן זאָל מײַן גלעגער
אין שפּיטאָל
ווי דאָס גראָז און דער טײַך,
אין נאַכטיקן וואַלד,
קינדווײַז, אַמאָל.

נאָר אַצינד זאָל דער וואַלד און דער טײַך
זײַן נאָך טיף־טיף־טיפער.

*

מײַן בעט אין שפּיטאָל אַ שיף איז אין נאַכטיקן טײַך,
נאָר איך דערקען נישט דאָס פּנים פון שיפער.

ווי כּלה, אין חופּה־נאַכט, פֿאַרהילט דאָס געזיכט
אין צעווינטיקטע כמאַריקע טיולן.
און אפשר איז גוט, צווישן פֿאַרלאָשענע ליכט,
דאָס פּנים זאָל בלײַבן פֿאַרהוילן.

אַפּריל, 1970

## זויג, זויג, זויגלינג

זויג, זויג, זויגלינג,
מילך־געקוואַל קוואַלט
אַריַין די אורגעשטאַלט
פון ערשטן מענטשן־וואַלד,
דיַין אָן־אָן־אָנהייב, זויגלינג.

זינג, זינג, זויגלינג,
מיט ערב וואָרט־שוויַיגן.
דאָס ליכט וואָס אָטעמט גרינג
אויף פרימאָרגנדיקע צוויַיגן,
דער שאָטן־קאַראַהאָד
פון מאַמע־נס איבער דיר געבויגן,
און דער, דער וואָס זיַינע אויגן
רופן מיר „גאָט" —
גאָף אַריַין אין זיַינע אויגן,
אָטעם איַין זיַין אָטעם טיפער:
זאָלסט געדענקען אים שפעטער,
דעמאָלט ווען שיפן פאַרגעסן
ווער ס'איז זייער שיפער...

זויג, זויג, זויגלינג,
זויג איַין דעם ערשטן טאָג,
די ערשטע שעה,
ווען די וועלט און אַלץ אויף איר
איז וואָר און קלאָר נאָך דאָ...

זויג, זויג, זויגלינג,
זע, דער ערשטער שמעטערלינג
קושט די ערשטע זון־רויז אין שויב.

די ערשטע יונגע טויב
וואָרקעט צום טאַטן אין הימל.
זויג, זויג, זויגלינג.
מילך־געקוואַל קוואַלט
אַריַין די אורגעשטאַלט
פון ערשטן הימל.

מיַי, 1970

## דײַן בריוו

א

דער שוואַרצער רײַטער רײַט ווינטער.
און דער באַהאַלטענער, אין זיך אײַנגעדרייטער,
פאַרקנוילט זיך קנויליקער מער.
צווישן ביידע איז די גרענעץ נישט ברייטער
ווי די ברייט פון אַ מאַמישער טרער.

ב

די שיף
מיט דײַן בריוו
איז צו מיר נישט דערשווומען.
קיין מאָל, קיין מאָל
וועט מײַן האַרץ
נישט הערן דײַן נאָמען.
קיין מאָל, קיין מאָל
נישט פילן דעם דופט פון דײַן האַנט,
אין גאָרטן־טיף פון דײַן בריוו.
קיין מאָל, קיין מאָל
נישט זען דײַנע אויגן אַראָפּגעלאָזטע
אין וואַלד־געדיכט פון אותיות,
דאָס פאַרהילטע געזיכט
פון ווערטער־סוד.
קיין מאָל, קיין מאָל
וועט מען נישט ברענגען
צו די טויערן פון שטאָט
די שליסלען פון דײַן כלה־לשון.
אַלץ וואָס מײַן האַרץ
האָט געגאַרט אויפצוריגלען —
וועט בלײַבן פאַרשלאָסן.

ג

אַלע זייגערס אין דער וועלט
דערמאָנען נישט די שעה.
אַז דו ביסט נישטאָ
איז די צײַט נישטאָ.
גאָר־גאָר־גאָרנישט,
גאָרנישט איז דאָ.

פון אונדזערע ליפּן,
ווי פון פעלדזן,
רינט אַזאַ דין־דינער געטריף:
„גאָר־גאָר־גאָרנישט!"
און צווישן טריפיקער טיף
ווערט דאָס דין־דינע ריזלעניש
פאַרפרוירן.
מיר וועלן קיין מאָל נישט שטאַרבן
ווײַל מיר זענען קיין מאָל נישט געבוירן...
מיר, מיר, אומזיניקער זענען מיר
פון אַ לוויה אין אַ געשטאָרבענער שטאָט:
מיר גייען נישט
פון ערגעץ
און דאַרפן נישט דערגיין
צו ערגעץ.
אַפילו די וויג און דער קבר
לעבן נישט אין אונדזער זכּרון...
אַ פאַרפרוירענער גאָט
זיצט אַליין
צווישן פאַרלאָשענע שטערן
און זײַן גוף איז ווײַס
ווי דײַן בריוו,
וואָס וועט קיין מאָל, קיין מאָל
נישט קומען צו מיר.

מײַ, 1970

## זאַלינאַ

זאַלינאַ, זאַלינאַ,
צעפלעכט דייַנע פורפורנע צעפ
און קני פרום אויף די וואָלקן־טרעפ.
ס'איז די שעה פון געבעט, זאַלינאַ.

זאַלינאַ, זאַלינאַ,
דו איינזאַמער קנאָספּ
צווישן געטער־קברים.
סאַראַ אין־סופיקער בית־עלמין
אַרום דייַן לעבעדיקן,
בלומיקן דאָרשט.
צו וועמען וועט דאַווענען
דייַן האַרץ,
וואָס קען נישט לעבן
אָן תפילה?

אַלע שטערן
האָבן געשאָנקען זייער גרין
פאַר די אויגן דייַנע,
אוי, שטערן־טאָכטער, דו!

אַלע מלאכים
האָבן אויסגעטאָן
זייערע פליגל
און געבראַכט זיי צו דיר:
„פלי, פלי מיט זיי, זאַלינאַ!"

נאָר האָסט זייער געשאַנק נישט אָנגענומען:
אויף אַ רוים־שיף

האָבן דײַנע פיס אַרויפגעטאַנצט
און האָסט טאַנצנדיק געקניט
פאַרן שפּאָגל־נײַסטן גאָט,
וואָס איז דיר פאַרבײַ געלאָפן גיך
מיט אַ צירקל אין האַנט,
און ס'האָט זײַן ריזיקער פליך
געשטראַלט אין ווילדן בראַנד
פון אַן אויפגעריסענעם ראַקעט.

האָסט געקניט פאַר אים און דײַנע ליפּן
האָבן געשעפּטשעט אַ געבעט
צו זײַן נאָמען.

ווי קינדיש תמימותדיק ביסט געווען, זאַלינאַ,
בעת האָסט געפּרוּווט זיך דערמאָנען
זײַן נאָמען,
דעם נאָמען פון דעם שפּאָגל־נײַסטן גאָט.
אוי, סאַראַ שווערן נאָמען ער האָט:
טעך...
טעך...
טעך...
טעכנאָלאָגיע...
און האָסט אײַנגעאָטעמט זײַן נאָמען,
און דײַן דאָרשטיקער גומען
האָט דערפילט דעם טעם פון יעדן טראָף.
יעדע זילב האָט געשמעקט מיט רויזן
קאָנסערווירטע צווישן בלעטער
פון באָטאַנישע ביכער,
מיט שמעטערלינגען
אויסגעטריקנטע
אין זאָאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריעס,

מיט אוראַלטע שטיינער,
געבראַכטע פון לבנהס,
צווישן שטאָלענע ווענט פון פלאַנעטאַריומס.
דער גאַנצער אין־סוף
איז געווען אויסגעשפרייט פאַר דיר
אויף די אַנדערטהאַלבן מעטער פון אַ מאַפּע.

און דײַנע ליפּן האָבן זיך צעבלעטערט פרום
און האָסט מתפלל געווען, זאַלינאַ.

איך האָב דײַנע ווערטער נישט פאַרשטאַנען,
נאָר געפילט האָב איך:
אַנדערש זענען זיי ווי אַלע ווערטער
פון אַלע געבעט־ביכער אין דער וועלט.
און מײַן האַרץ האָט געזאָגט צו זיך:
איך וועל לערנען מײַן אויער
צו דערהאָרכן דעם קלינג־קלאַנג פון דײַן סידור,
די תפילות דײַנע צום שפּאָגל־נײַסטן גאָט,
אוי זאַלינאַ, טאָכטער מײַנע, זאַלינאַ.

יולי, 1970

## ווער וועט אונדז אײַנזאַמלען?

א

ווער וועט אונדז אײַנזאַמלען ווי האָניק
אין בינשטאָק פון שניי?
ווער וועט קומען אונדז אַרבן?
זע, דער לעצטער מידער סאָלאָוויי
פליט צום ווינטער־גאָרטן שטאַרבן.

קיינער צערטלט נישט די הויט פון דער שטילקייט,
קיינער קושט נישט די פליגל אין לעצטן פלי.
בלויז די מלכּה, די קעניגין פון שיינקייט,
קניט פאָרכטיק אין שניי אויף די קני.

ב

אַלע ווילדע זונען־לאָשיקעס
שטאַרבן אין אָוונטטאָל,
און מילד ווי שטערנליכט
אויפן געזיכט
פון קנאָספן
איז דער לעצטער רײַטער
אײַנגעשלאָפן.

אַלע טאַנצנדיקע וועגן
האָט די שפּעט־שעה
אַהיימגענומען:
ווער דאַרף די שליאַכן,
אַז קיין מאָל וועט קיין רײַטער
מער נישט קומען?
אַ נאַכט אַזאַ אָן שומרים,
אָן וועגווײַזערס,
אָן שטערן־זייגערס,

אַ נאַכט אַזאַ — אַ בריוושטאַפּעט
פון קיינעם נישט צו קיינעם.
די לעצטע טרער אין נביאס אויג
קען נישט דערטרערענען, דערוויינען.

שניי, שניי, שניי פאַרווייט,
פאַרווייט דעם לעצטן שײַטער.
אַלץ איז פאַרפרוירענער געשריי
אין אויג פון טויטן רײַטער.

ג
אַמאָל האָבן פידלען געמיינט:
„רו איז גאָט".
הײַנט קרוינט מען נישט
די זאַכן
מיט קיין נאָמען:
פאַראַנען זענען זיי
ווי אָטעם פון שלאָפנדיקע בלומען,
ווי ראָסע־אויגן
אויף הויט פון געבלעטער,
ווי שטילקייט אין ליידיקע טעמפּלען
צווישן געשטאָרבענע געטער.

ד
אַפילו „לידער־שרײַבן"
שעמט זיך אונדזער קלוגשאַפט.
אַזאַ צניעותדיקע פאַרשעמטקייט
רינט, ווי אָוונטגאָלד אין שטילקייט.
נישט פאַראַנען מער
קיין סאָלאָוויי־געזאַנג,
קיין בינענפלי.
די מי

פון אַלע רגעס
שלאָפֿט בײַ די ברעגעס
פון פֿאַרפֿרוירענעם טײַך.
קיין זעגלשיפֿן
קומען מער נישט צו שווימען.
דער לעצטער סאָלאָוויי, איבער שניי,
פֿליט און ווייסט נישט צו וועמען.

ה
וויין נישט.
די ווערבעס
בײַם טײַך
שלאָפֿן אײַן
אין דײַן שויס.
לאָז מײַן קאָפּ
אויך אויף דײַנע קניִען
רוען.
איך פֿרעג נישט
דײַן נאָמען.
ס׳איז קיין חילוק מיר נישט
צי ביסט כּלה
אָדער לאָנקע אין שניי,
ווײַב
צי גאָרטן אין בלי —
מײַן קאָפּ וויינט פֿון מידקייט,
דאַרף מען אים טוליען
צו עמעצנס קני.

ו
חצות גייט־אויף אַ געוויין
פֿון כּלערליי צמחים, פֿליִערס און חיות,

דאָס מאַמע־געוויין פון אחריות:
ווער וועט אַרבן די פּירות?
ווער וועט פירן פאַרטײַעט
דין־וחשבון
פון איטלעכן זוימען אין ווינט,
פאַר יעדן קאַרשנקינד,
פאַרן הויזגעזינד פון בלי און פלי?
„באַשירעם די קרוין פון מײַן מי" —
כליפּעט מאַמע־שוואַלב,
„לערן פלי̇ען שוועלבעלעך".
און ס׳טוליען זיך דערשראָקענע קי
צו אָקערשט־געבוירענע קעלבעלעך:
ס׳איז אי שרעק פאַר אייגענער שטאַרבונג
אי פּחד פאַר גורל פון אַרבונג.

ווער וועט אונדז אַרבן? אַלע שטילקייטן
זענען דין ווי הויט אויף צײַטיקע קאַרשן,
אַט־אַט און מיר וועלן פון קאַרשן־געהיל
אויסרינען. אַלע אָדערן אין האַרצן
זענען אָפן. אוי, לאָזט נישט גיין לאיבוד
דעם צונויפפּאָר פון ערד, זון און רעגן,
פון וואַלד און טײַך און אָדם.
ווער וועט קומען, פון אונטער אַלע פּחדים,
אונדזער אַרבונג אַרבן?
צעעפן דעם בינשטאָק אין שניי!
זע, דער לעצטער מידער סאָלאָוויי
פליט צום ווינטער־גאָרטן שטאַרבן.

1970

## דער שוואַרצער קלעזמער

זיבעציק יאָר האָט זאַנזאַני דער פּאָעט
געשמידט אויף זילבער פערזן פון גאָלד,
און יעדער פערז געווען איז אַ וואַלד
מיט שטערן־ביימער און טעמפּלען צעשטראַלט,
און וואַלד־פּריסטערינס האָבן טאַנצנדיק געשאַלט
צו גאָט...

און קוואַלן האָבן געקוואַלט אין זײַן קלאַנג
און שטערן האָבן בעתן אויפגאַנג און פאַרגאַנג,
ווי פּורפּור־האַרפן, נאָגנדיק באַנג
געזונגען דאָס גרויסע געזאַנג
צו גאָט...

זענען די בני אָדם געקומען צו זאַנזאַניס מויערן:
„עפן אונדזערע הערצער ווי טויערן
פון אַ באַלאַגערטער שטאָט,
וויסט און פינצטער אונדז, אין טויזנט טרויערן
זינקען די טעג. שענק אונדז דײַן גנאָד,
עפן אויגן אונדזערע און אויערן,
העלף אונדז דערקענען גאָט"...

האָט זאַנזאַני גענידערט פון די שטערן־ביימער
און דאָס שטערן־געזאַנג אַרײַנגעזונגען אין די ביינער
פון די בלינדע און טויבע, וואָס האָבן געגאַרט נאָך גנאָד,
האָט דאָס פאָלק געקניט פאַרן גאָלדענעם פויגל פון זמר
און דערפילט גאָט...

און געווען איז נאָך יאָרן צען מאָל זיבן,
בעת זאַנזאַני דער פּאָעט איז פּנים אל פּנים

מיטן שוואַרצן קלעזמער געבליבן,
מיטן שוואַרצן פידלער, וואָס אויף זײַן פידל
איז מיט שוואַרצן פײַער געשריבן:
„סוף־סוף״...

האָט זאַנזאַני אויפגעהויבן
זײַן פאַרשנייטן קאָפּ
און גערופן דעם נאָמען
פון גאָט.
און געווען איז נאָכן צענטן מאָל
רופן, אין נאַכטישע טיפן,
האָט זאַנזאַני דערזען:
אַ שיף אַ שוואַרצע זיך שיפן
איבערן שוואַרצן טײַך אַליין.

— קום, זאַנזאַני, האָט דער שוואַרצער קלעזמער געזאָגט —
דער טאָג האָט געטאָגט און אויסגעטאָגט,
נאָר די נאַכט איז קלוג און וואָר און אייביק.
— זע, האָט דער שוואַרצער פידלער געזאָגט,
מײַן שוואַרצער פידל איז טיף און ליידיק
ווי די וועלט... איך בין דאָס לעצטע געבאָט...
האָט געכליפּעט זאַנזאַני: און גאָט? ווו איז גאָט?

— אין דײַן פידל, זאַנזאַני...
— איך זע נישט מײַן פידל, שוואַרצער קלעזמער...
האָט דער שוואַרצער פידלער געלאַכט: אַלץ איז חלום,
בלויז איך און מײַן שוואַרצער פידל זענען וואָר...
— און איך? האָט זאַנזאַני געכליפּעט — איך און מײַן פלייש און געביין?

— איך פיר דיך זאַנזאַני, צוריק אין דײַן היים...
— ווו איז מײַן היים, שוואַרצער קלעזמער?

— אין מיר... זאַנזאַני... ווי אַלץ אין דער וועלט איז אין מיר...
קום ווערן וואָר און אייביק ווי איך...

און דער שוואַרצער קלעזמער האָט גענומען זאַנזאַני דעם פּאָעט
און אַוועק צו דער שוואַרצער שיף בײַם שוואַרצן ברעג,
און זיי האָבן זיך געלאָזט מיטן שוואַרצן טײַך,
וואָס פּילט אויס אַלע וועלטן... פון אייביק ביז אייביק...

יולי, 1970

## גימטריות

דער קלײנער מאַן
בײַם מוח עלעקטראָניש,
טוט אים אָן אַ זילבער־באָרד
און אַ ספּאָדיק אַ רבנישן
איבערן געקאָװעטן שטערן.

אין אַ רגע װעט ער װערן
דער מקובל ר׳ צבי פון מערן...

אױ, בים באָם, טאַטע אין הימל,
אױ געװאַלד, בים באָם.
שטערן ציקלען, איבער מערן,
אױס גימטריות... קריעת ים...
יעדער אָדם דאַרף זיך שפּאַלטן,
אַלײן זיך שפּאַלטן װי דער ים:
ער זאָל קענען צװישן זיך און זיך
דורכפירן די קרישקע איך...
מאי קא משמע לן איך?
אנוכי... תוך פון לוחות.
בן־אָדם מײנט: קרישקע ערד
און אין־סוף מיט שליחות.
אױ, טאַטע אין הימל,
בים באָם בים.
װער אײַלט קאַיאָר,
װי אַ יונגע בין,
צו גרײטן האָניק פאַר די שטערן?

דער מקובל ר׳ צבי פון מערן
מיטן ספּאָדיק רבנישן,

צי אפשר דער קליינער מאַן
בייַם מוח עלעקטראָנישן?
סאַראַ אייביקער געיאָג!
כּביכול שטייט אויף ווידער
אויסצוטאָגן אַ פרישן טאָג.

אויגוסט, 1970

## מלכּה פון שטילקייט

צניעותדיק איז די מלכּה פון שטילקייט.
אַלע פּריסטערינס אירע, אין טעמפּלען פון שיינקייט,
היטן, אין זיך פאַרשלאָסן, איר נאָמען.
אַפילו פאַרן געשטערן אין טיף־נאַכט
הילן זיי נישט אָפּ דאָס פּנים
פון וואָרט.
ווי לבנה־האַרפעס
פלאַטערן זיי איבער ברינעמער, חצות,
און שלאָפן אײַן צווישן פליגל
פון שוואַלבן, אין צעבלעטערטער קילקייט.
און בעת די קיניגין פון שטילקייט
שפּאַנט דורך צעשטערנטער שיינקייט,
שמייכלען פּאָעטן אין חלום:
„קיניגין, אויסדערוויילטע אונדזערע״.

לאָזט זי אַראָפּ די אויגן, פאַררויטלט זיך,
זי שעמט זיך מיט איר קרוין,
וואָס דיכטער האָבן דערזען אין חלום...

און ווי אַ שעמעוודיקע כּלה
פאַרהילט זי איר פּנים
טיפער נאָך אין שלייער.
שלאָפנדיקע טײַכן גלעטן אירע קני,
און פּירות אַראָפּגעפאַלענע פון צײַטיקייט
קושן אירע פיס אויף גראָזיקער ערד.
און ס׳גענענען די זעקס און דרײַסיק קינדער
מיט די לאַנגע זילבערנע בערד,
און דעמאָלט פאַרהילן, אויף אַ רגע,
די גרויס־שטעט אַפילו, זייערע טומלענדיקע פּנימער.

און די גרויסע מאַרק־האַרן
און מלחמה־פירער
שטעלן אָפּ זייערע רײַטוועגן
און לייגן
זייערע מידע קעפּ
אין צעשטערנטן שויס פון דער מלכּה:
„מאַמע — כליפּען זיי, מאַמע־גאָט".
דעמאָלט וויינען פּאָעטן
אין מיטן האַרץ פון שטאָט,
וויינען פון ליבשאַפט,
און זיי באַשווערן
די טרערן,
צו פאַלן
אָן רעש...

סעפּטעמבער, 1970

## אַנטקעגן דײַן פֿאַרהוילן פּנים

א

איך האָב צעשניטן ס'לײַב פֿון דער פּרוכט,
נאָר איר זיסקייט נישט דערפֿילט האָט מײַן גומען.
ס'האָט מײַן חלום געווײנט, איך האָב געזוכט
דײַן געזיכט אין ליכט פֿונעם ברונעם.
אַלע צמחים וואַרטן אויף דײַן דופֿט,
נאָר קיינער געדענקט נישט דײַן נאָמען...

ב

איך האָב דאָס געזיכט דײַנס פֿאַרגעסן.
האָב איך אַמאָל דיך געקענט?
דער שמעקנדיקער שאָטן פֿון דײַנע הענט
וויגט נאָך אַלץ מײַנע קינדישע מעת־לעתן.

ביסט געווען אַמאָל און אַוועקגעפֿלויגן?
ביסט הײַנט צי נישט־הײַ?
פֿייגל — דורכגעפֿלויגן,
בלײַבט דען דמיון בלויז פֿון פֿלי?...

ווער קען מאָלן פֿון פֿלי דאָס פּנים?
ווער קען צייכענען פֿון ריחות ס'געזיכט?
שטערן פֿאַלן... ווער באַנעמט דעם נאָמען
פֿון אַ נישט־דאָיִקן געדיכט?

ג

פֿון דער וואָריקסטער וואָר
איז דײַן אומוואָריקייט וואָרער.
פֿון דער קלאָריקסטער קלאָר
איז דײַן אומקלאָרקייט קלאָרער...

אַלע וועגן צו דיר לויפֿן פֿאַרדרייט,
פֿאַרקאָרטשעט ווי גוף אין יסורים.
לעבן דיר ווערן קליין און דערשראָקן די רייד
און זיי צעפּלאַצן זייער אייגענעם פּורעם...

אַפֿילו דער איין־מאָל־איינס בײַט זײַן געזעץ
אַנטקעגן דײַן פֿאַרהוילענעם פּנים.
דער שׂכל צעפּאַלט ווי אַ ליימענער געץ
אַנטקעגן דײַן פֿאַרבאָרגענעם נאָמען...

אָקטאָבער, 1970

## דער אַכצן־יאָריקער און דער גריַז

דער אַכצן־יאָריקער
ריַיסט פון גאָרטן־ראַם
די גרין־אויגיקע אַיילה.
אַזוי ריַיסט מען פון קאַרשנבוים
פּירות פּורפּור־צינטיקע.
אין אַ רגע און ער ווער
די כּלה־פּרוכט
אויפעסן מיט אַלע אירע זאַפטן.

דער זעכציק־יאָריקער גריַז
טרינקט אויס מיט די אויגן זיַינע
די אַכצן־יאָריקע אַיילה.
אַזוי טרינקט אַ שלאָפנדיקער טיַיך
די שטערן פון דער בלויעניש.

אַ ים מיט רגעס ווער ער וויגן זי
אין זיַין שלאָפנדיקן חלום.

נאַכט אין צעצוויטעטן גאָרטן.
דער אַכצן־יאָריקער שלאָפט
מיד און זאַט אין גראָז.
און דער גריַז שמייכלט
פון יונגן פרישן חלום:
שטערן שווימען
אין זיַינע שטילע וואַסערן
ווי כּלה־אויגן אין צניעות.

דער אַכצן־יאָריקער
שלאָפט שווער

ווי אַ בער אין ווינטערשלאָף,
און דער גרייַז קושט מילד דעם חלום.
אַזוי קושט אַ קנאָספּ
די ריחות
אין זייַן רויזן־בעכער.

דער אַכצן־יאָריקער
איז זאַט
פון דער האָניק־פּעטער
רגע...
און דער גרייַז
שמעקט מילד
צו דער בלומען־הויט
פון חלום
און ווערט נישט זאַט...

אָקטאָבער, 1970

## אונדזער שפּיל־הויז

א

ווי עמבריאָנען אין מוטער־טראַכט
שווימען מיר דורך נאַכט
פון שטילקייט,
דורך שמעקנדיקער קילקייט
פון פּירות פאַרשלאָסענע.
מיר שווימען פאַרגאָסענע
מיט דער מאַמע־מילך
פון גרויסן געשטערן
און מתפּלל זענען מיר:
די שטילקייט זאָל שטילער נאָך ווערן...

ב

צום סאַמע אָנהייב געווען איז שטילקייט,
און די שטילעניש געווען איז גאָט
און גאָט איז געווען די שטילקייט.
און ס'האָט באַשאַפן זיך די שאַפונג
און אויפגעוואָיעט ווי אַ ברענענדיק דולהויז.
איז געבליבן גאָט אַליין
און די שטילקייט אַליין
און אין מיטן צווישןביידן —
דאָס וואָיענדיקע דולהויז.

ג

אונטערן סמבטיון
פון דולהויז
הויזט אין אַ שמעקנדיקער מאַלינע —
אונדזער שפּילהויז.
אוי, מיר זינגענדיקער צימצום,

מיר קאַרליקעס גרויס ווי אַ טרער
אין אויג פון אַ זויגלינג.
אין קליינע שטערן־וויגן
ליגן מיר און וויגן
דעם חלום פון ניגון.
אוי, אונדזער שטיל־הויז,
אונדזער שפּיל־שפּיל־הויז,
פון יענער זײַט סמבטיון.

ד

דער גרויסער מלך פון דולהויז
אַוועק איז מיט טויזנט רײַטוועגן
אײַנצונעמען די וועגן
פון דער וועלט.
וואָס איז וועלט?
דער מלך פון דולהויז ווייסט.
אין ריזיקן לונאַפּאַרק קרײַזט
דער ווילדער קאַרוסעלן־געבריל.
די גרויסע האַרן פון דולהויז
דרייען די עלעקטראָנישע מיל.
וואָס מאָלט די משוגענע מיל?
דער מלך פון דולהויז ווייסט.
מיר די זינגענדיקע ליליפּוטן ווייסן גאָרנישט נישט,
מיר שמייכלען אין דער שמעקנדיקער מאַלינע,
אונדזער שטיל־שטיל־הויז,
אונדזער שפּיל־שפּיל־הויז.
מיר וויגן די וויגן
פון גרויסן געשטערן
און מתפּלל זענען מיר:
די שטילקייט זאָל שטילער נאָך ווערן.

נאָוועמבער, 1970

## אַזאַ רחמנות, שוועסטער!

א

אַלע שטערן אין דער נאַכט
ווערן מאַמע־אויגן.
דערשראָקענע, פאַרטרערנטע
מאַמע־אויגן.
אויף וועמען וויינט די מאַמע, טיף־נאַכט?
אויף מײַן גורל וויינט זי
און אויף דײַנעם, שוועסטער.
דער גרויסער וואָלף
וואַרט בײַ אונדז צוקאָפּנס
און דער שוואַרצער רויבפויגל
איבער אונדזער דאַך.
די מאַמע־אויגן
זעען אי דעם גרויסן וואָלף
אי דעם שוואַרצן רויבפויגל,
און קענען גאָרנישט נישט העלפן.
אוי, שוועסטער, אַזאַ אין־סופיקע מאַמע
מיט מילי־מיליאַסן שטערן־אויגן,
און קען גאָרנישט נישט העלפן.

ב

שטיל, שרײַ נישט, שוועסטער,
רוף נישט די מאַמע.
באַהאַלט דײַן גוף
אין יסורים־בעט און פאַרשליס
די אויגן דײַנע, אָט אַזוי.
זאָל מיינען די מאַמע „מיר שלאָפן"
זאָל מיינען די מאַמע „מיר חלומען
דעם חלום פון יונגן גאָרטן".

אַזאַ רחמנות אויף דער מאַמען,
איר אויסזע: אין־סופיק און מאַכטיק,
אַלע וועלטן שאַלן מיט לויב
צו איר נאָמען.
און זי... זי קען נישט אַפילו
אירע פינגער אויסשטרעקן
און גלעטן אונדזערע קעפּ די מידע,
וואָס גאַרן נאָך טרייסט.
שטיל, שרײַ נישט, שוועסטער,
זאָל מיינען די מאַמע,
מיר דאַרפן קיין טרייסט נישט,
מיר דאַרפן קיין ליבשאַפט.
זאָל מיינען די מאַמע,
אַז דער גרויסער וואָלף
אונדז צוקאָפּנס
איז אַ ציג אויף אַן אייל־בילד,
און דער שוואַרצער רויבפויגל —
אַ פּאַפּיר־שלאַנג אַזאַ,
אַ שפּיל צו דערפרייען די קינדער.
שרײַ נישט, שוועסטער,
טוליע אײַן דיך
אין בעט פון יסורים,
מאַך די אויגן צו. אָט אַזוי.
זאָל מיינען די מאַמע,
„מיר שלאָפן".

דעצעמבער, 1970

## צו דיר

קינדער שמעקן ווי גערטנער אין רעגן.
נאָר דו דער גאָרטן ביסט אין גאָטס־הויז.
אומעטום ווײנט גאָט, אומעטום,
ווו דו שפּאַנסט אַרויס
מיט דײַנע גאַפנדיקע אויגן.
די וועלט איז גרויס,
ווײַל דו ביסט אין איר,
און זי — פאַר דײַנעטוועגן...

די זון קוועלט אין פײַער־געשפּאַן,
בעת זי דערזעט דיך, קאַיאָר,
און שענער ווערט דער ים
בעת טוליעסט דײַנע האָר
צו זײַן כוואַליקן האַרצן.
די קלוגע שטערן, חצות,
ווערן צײַטיקע קאַרשן,
בעת ליפּן דײַנע ציטערן
מיט קינדישן הונגער.
מאַמע־גאָט עפנט פענצטער פון הימל
און פון ליבשאַפט ווערט זי ייִנגער;
זי גאַפט, ווי דו יאָגסט אין געווימל
פון צמחים נאָך אַ פלאַטער אין וואַלדיקע בערג,
און זי שטרעקט די מאַמע־הענט פון הימל
און בענטשט דיך, דאָס שענסטע פון איר ווערק.

1971

## מײַן טאָכטער

מײַן צעבלעטערטע טאָכטער
קעמט אירע קופּערנע צעפּ,
און מײַן ליד שטייט פאַרגאַפט
אין איר רויזיקן שאָטן:
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ!
זינגט מײַן ליד
אין גינגאָלדענעם גאָרטן,
און מײַנע הענט נעמען אירע צעפּ,
ווי לייצעס פון אַ קעניגלעכן וואָגן...
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ!
טשיקאַווע, צי ווייסט מײַן טאָכטער
פון אַ ליד, אַן אויסטערליש ליד אַזאַ,
וואָס יאָגט נאָך איר גינגאָלדענעם שאָטן?
פאַרנאַכט־צײַט קומט מײַן טאָכטער
פון זומערדיקן גאָרטן צו יאָגן
און גענענט צו מײַן טיש:
— אבא, זאָגט זי, שרײַבסט שוין ווידער
אַ ליד?...
אויסטערליש, מײַן טאָכטער ווייסט נישט,
אַז אָקערשט, מיט אַ שעה צוריק,
איז מײַן ליד
געלאָפן
מיט אירע צעפּ,
ווי מיט גילדענע
לייצעס
פון אַ קעניגלעכן
וואָגן...
און אַצינד,
דעק איך אויף דאָס דאָזיקע ליד

מיטן כּוח פון ווערטער,
כּדי גוטע מענטשן
זאָלן הערן
ווי עס דערציילט געזאַנג —
זײַנע נסים
ונפלאות...

1971

## דו, דו, דו

### א

ווי דער וואָלקן
וואָס צערינט אין רעגן,
ווערט אַלץ וואָס איז „איך"
מגולגל אין „דו".

בעת מײַנע פינגער
רירן אָן די שטילקייט
צווישן טוי און בלום,
איז עס די צניעות
פון דײַנע הענט,
וואָס פאָרכטן זיך צו באַהעפטן
מיטן גוף פון דער וועלט.

טיף־נאַכט בלאָנדזשע איך
אין דײַן חלום,
שטאַמל מיט דיר
פון טיף־שלאָף
דײַנע אויסטערלישע רייד.

פאַר טאָג עפן איך די אויגן
און אויף די וויִעס מײַנע
פינקלט דײַן טרער.
איך וויין דײַן געוויין
פון פײַנפולער פרייד,
ווײַל די שיינקייט
איז אַזוי ווייטיקדיק־שיין,
אַזוי וווּנדיק־ווייטיקדיק־שיין
איז די שיינקייט.

ב

איך, דער אַלטער העלפֿאַנד,
וואָס בלאָנדזשע זוכנדיק
אַ וויסטעניש, ווּו צו קענען
בכּבודיק שטאַרבן,
ווער מיט אַ מאָל
אַ פֿלינקע הירשיכע,
בעת איך זע, קאַיאָר,
דײַן פֿרימאָרגן־טאַנץ
אין נאַסן גראָז,
אַנטקעגן זונגעבורט.

איך בייג זיך מיט דיר
און קלײַב אין יונגן גראָז
די שמעקנדיקע דימענטן
צו באַקראַנצן דעם יונגן טאָג,
און זינג מיט דיר
צו דער יונגשאַפֿט וואָס זעגלט
אויף אַ פּורפּורשיף
צום הוד שבהוד,
און קוש דעם ערשטן צוויט
פֿון יונגן עפּלבוים,
און איך האַלדז מײַנע אַכצן יאָר,
וואָס איז די צאָל פֿון דײַנע יאָרן...

ג

אָוונט־צײַט נעם איך מײַן בוימיקן שטעקן,
און מײַנע פֿיס וואָס זענען שווער און מיד
נעמען מיט אַ מאָל פֿליִען ווי שוואַלבן־טשאַטעס,
ווײַל אין דער דאָזיקער שעה

אײַלסטו זיך צום יונגוואַלד,
ווו עס וואַרט אויף דיר
דײַן אויסדערוויילטער.
מײַן זעכציק־יאָריק האַרץ
נעמט טיק־טיק־טאַקן
ווי דער וווּנדער־זייגער
פון ליבשאַפט, וואָס האָט קיין צײַט נישט,
וואָרעם די ליבשאַפט
וואַרט אויף דער ליבשאַפט,
און מײַנע געלע ליפּן ווערן קאַרשן־רויט
בעת די ליפּן דײַנע ווערן באַהאָפטן
מיטן מויל פון דײַן חתן.

ד

איך געדענק נישט מער
מײַן נאָמען,
נאָר בעת מען רופט דיך,
צעעפן איך די אויגן מײַנע
צום רופער:
„אָט בין איך", זאָג איך,
און פאַרנעם אַז דײַן נאָמען
האָט מען עס גערופן
אין טיף־נאַכט...
איך זיץ אין שטערנקאָטש,
כאָטש איך דאַרף שוין אין ערגעץ נישט פאָרן,
נאָר דײַן נסיעה איז מײַנע;
הייב איך זיך אויף פון בעט
און טו אָן די שטערן־פליגל,
ווײַל ס'איז פליצײַט
צו דער ערשטער שיינקייט
וואָס וואַרט אויף דיר

אומעט־אומעט־אומעטום,
ווו גאָט האָט זײַן האַנט געלייגט
מיט ברכה און תפארת.

ה

האָב איך פאַרמאָגט אַמאָל
אַן אייגן געשטאַלט?
פון טאָג צו טאָג
ווערט פרעמד מיר
מײַן אייגן פנים.
ווי דער טעם
אין דער פרוכט
ווײנט אין מײַן חלום
דײַן נאָמען...
אַן דיר
איז נישט פאַראַן
קײן ים, קײן ערד,
קײן הימל.
אַפילו גאָט
איז מיר טײַער
נאָר דערפאַר
ווײַל ער האָט
דיך באַשאַפן.

איך האָב האָלט די טײַכן
ווײַל זיי טראָגן מיט ליבשאַפט
אויף די כוואַליעס זייערע
דײַן שטערנשיף.
איך האָב ליב די וועלדער
ווײַל זיי באַשירעמען
די זינגפייגל,
וואָס שאַלן פאַר דיר.

איך האָב האָלט
די צעשטערנטקייט
ווײַל זי פינקלט אַראָפּ צו דיר
אין אָוונטיקן גראָז.

איך האָב ליב אָדמען און חוהן
וואָרעם פון זייערע לענדן
הייבט זיך אָן דײַן בליִונג.

גאַנצע נעכט רעגנט
מיט שטערנצוויט
אויף מײַן אַלטן גוף
און פילט אָן מיט דײַן ריח
מײַן שלאָף,
וואָס איז אַ מין ערב־שטאַרבן.
אַפילו אין קבר
וועל איך אָטעמען
דײַן אָטעם,
וואָס שוועבט
איבער אַלע אויסגעשפּרייטקייטן
ווי גאָטס חלום
איידער וועלטבאַשאַף.

ו
הײַנט האָב איך געפונען
די וויסטעניש,
וווּהין אַלטע העלפאַנדן
קומען שטאַרבן.
איך קני אַראָפּ צום שטילן געבערג
פון עלפנביין

און בין מוכן ומזומן
צום קנס־מאָל מיטן טויט.
סאַראַ שטילעניש פון פראָסטבלומען
אין מידבר־זאַמד.
איך טו אויס מײַן לײַב
ווי אַ פרעמד געוואַנט.
איך בין אַצינד די נאַקעטקייט
פון אין־סופיקן גאָרנישט,
נאָר אין אומענדלעכער ליידיקייט
ציטערט אַן איין־אײנציקער שטערן
און אָטעמט ווי אַ יונגע רויז
וואָס האָט אָקערשט צעבלעטערט
די קנאָספּן. און איך —
איך בין גאָרנישט, גאָר־גאָר־גאָרנישט,
און בין אַלץ נאָך דו,
אויף וויפל אַ טויטער
קען נאָך עפּעס זײַן.

ז

מײַן טויטנבעט
איז אַ קויש
מיט פרישע רויטע מאַלינעס;
די האָסט געבראַכט אים פון יונגוואַלד.
דײַנע האָר שמעקן מיט ערשטן מאָך
און יונגן רעגן.
און אין חלומדיקן אָוונטגאָלד,
דיר אַנטקעגן,
שפּאַנט דער חתן דײַנער
און אין זײַנע אָרעמס,
די אויסגעשטרעקטע,
טראָגט ער דעם גרויסן שטערנבער:

אַ מתנה אַזאַ פֿאַר די אור־אוראייניקלעך
מײַנע, וואָס שפּילן זיך נאָך
אין גאָטס גאָרטן,
ערב זייער ערדגעבורט.

מײַן טויט איז אַ חתונה־נאַכט.
פֿאַר וואָס שפּילן נישט די קלעזמער?
דער אורמײַסטער תּלומט ערשט דעם ניגון
אין ווײַטן צוויט פֿון זײַן דמיון.

שפּעטער וועלן די קלעזמער
אויף לבֿנה־פֿידלען
אויסשפּילן דעם ניגון,
דעם מיזמור שיר
פֿון דײַן נאָמען.

דו, דו, דו.

1971

## לאָמיר פלאַפּלען דעם אמת

קום, לאָמיר פלאַפּלען דעם אמת:
אַזאַ גאווהדיק־נאַרישע חכמה
איז די חכמה אונדזערע,
אַ פּורים־מאַסקע פון אַ פּורים־מלך
אויפן פּנים פון אַ זויגלינג.

דער משוגענער מאַסקנבאַל
בושעוועט.
און מיר, צווישן טויזנט־טויזנטער
מאַסקעס.

פאַר וואָס האָבן מיר קיין כּוח נישט, ברודער,
צו לאָזן אונדזער געזיכט
אין זײַן ערלעך־פּראָסטער נאַקעטקייט?

לאָמיר אויספלאַפּלען דעם אמת:
מיר זענען אַלץ נאָך חדר־ייִנגלעך
פאַרבלאָנדזשעט אין אַ ווינטער־נאַכט,
אויפן גרויסן טראַקט,
צווישן גאָרנישט און גאָרנישט.
אונדזערע לאַמטערנס —
אויסגעלאָשן
און אונדזערע קינדער־ליפּן
זענען פעלדזן געוואָרן,
זיי קענען נישט רופן מער:
„מאַמע“!

און גאָט?
וווּ וווינט אונדזער גאָט?

לאָמיר אויספּלאַפּלען דעם אמת:
אַ חדר־ייִנגל
איז אונדזער גאָט.
אַ פֿאַרבלאָנדזשעט חדר־ייִנגל
מיט אַ פֿאַרלאָשענעם לאַמטערן
אין מיטן גרויסן ווינטער.
אונדזער גאָט וויינט
ווי אַ דערשראָקן קינד
אין טיף־נאַכט.
אונדזער גאָט ווייסט נישט
וואָס צו טאָן מיט דער וועלט.
ווי אַ דריַי־יאָריק מיידעלע,
מיט אַ גרויסער צעבראָכענער ליאַלקע,
שטייט אונדזער גאָט אין מיטן טראַקט
צווישן גאָרנישט
און גאָרנישט:
וואָס זאָל ער טאָן מיט דער גרויסער
צעקאַליעטשעטער וועלט, אונדזער גאָט,
אונדזער וויינענדיקער גאָט?

קום, לאָמיר אויספּלאַפּלען דעם אמת:
אמתער פֿון אַלע אמתן אין דער וועלט
איז דער גרויסער געוויין פֿון דער וועלט.

און אין אין־סופֿיקן גאָרנישט,
צווישן גאָרנישט
און גאָרנישט,
איז נישט פֿאַראַן
קיין איינאיינציקער
פֿינגער,
וואָס זאָל גענענען

מיט ליבשאַפט
אויסצווישן
אונדזער ווײַנענדיק
אויג.

יאַנואַר, 1971

## לאָמיר מוחל זײַן

לאָמיר מוחל־זײַן
דער אָפּגעבליאַקעווועטער
קעניגין
„שאַבלאָן־שאַבלאָנאַ".
לאָמיר געדענקען איר
חסד נעורים:
אַלע ווערטער־קברים
געווען אַמאָל —
רויזן־גערטנער
אויף קינדער־ליפּן אירע.
— מאַמע, פלעגט קוועלן די דרײַ־יאָריקע:
„זע, דער הימל בלוי"
„שטערן בלישטשען"
„אַ זון מיט אַ רעגן".
לאָמיר מוחל־זײַן
דער אָפּגעבליאַקעווועטער קעניגין
אין זכות פון אירע קינדער־יאָרן וועגן...

די הונדערט־טויזנטסטע
זון,
געווען אַמאָל —
די ערשטע זון,
פּונקט ווי גאָט
האָט זי באַשאַפן.
און גאָט אַליין,
דער פון הונדערט טויזנט
ספרים,
איז געווען אַמאָל —
אַ לעבעדיקער גאָט,

לעבעדיק
ווי די ערשטע רויז
אין דער לעבעדיקער האַנט
פון מיידל־קינד.

דער הונדערט־טויזנטסטער
ווינט —
דער בריוועטרעגער
אין דער נאַרישער שטאָט,
האָט געטראָגן אַמאָל דעם ערשטן בריוו
מיטן ערשטן וואַרעמען סוד:
„אַ ייִנגלינג האָט
מיידל־אויגן האָלט"
„ס'פלאַטערט אַ שוואַלב"
„קו האָט געבוירן אַ קאַלב"
„אַ זון מיט אַ רעגן".
לאָמיר מוחל־זײַן
דער אָפּגעבליאַקעוועטער מלכּה
שאַבלאָן־שאַבלאָנאַ,
אין זכות פון אירע קינדער־יאָרן וועגן.

אוי, שאַבלאָן,
שאַבלאָנאַ,
מיר וועלן געדענקען דיר —
חסד נעורים!

פעברואַר, 1971

## דער גרויסער טײַך

און איך וועל אויסציִען מײַן גוף,
אויף וואָסער אָרט ס'זאָל נישט זײַן,
אין וואָסער שעה ס'זאָל נישט זײַן.
וואָרעם יעדעס אָרט
און יעדע שעה
איז דאָס שטענדיקע אָרט,
איז די שטענדיקע שעה.

און איך וועל לאָזן נידערן
די וויִעס איבער די אַפּלען מײַנע
און צום גרויסן טײַך וועל איך זאָגן:
— מוכן ומזומן בין איך,
פּלייץ אַריבער מײַן גוף,
וואָס איז מיד פון זײַן־גוף.

אַ קרעטשמע אין מיטן וויסטעניש
געווען איז מײַן פלייש און געביין,
אַ קרעטשמע פאַר טעג און נעכט,
(יענע אורחים מיט פאַרהוילענע פּנימער,
וואָס ציִען פון ערגעץ צו ערגעץ).

ברויט פון פרייד
און ברויט פון יסורים
האָב איך דערלאַנגט צו זיי.
און כאָטש נישט פאַרשטאַנען האָב איך
זייערע טויזנטער לשונות,
האָט מײַן שטומקייט געענטפערט זיי
מיט טיף־געזאַנג פון ליבשאַפט.

איצט ליג איך אויסגעצויגן
אויף וואָסער אָרט ס'זאָל נישט זײַן,
אין וואָסער שעה ס'זאָל נישט זײַן,
וואָרעם יעדעס אָרט
און יעדע שעה
איז דאָס שטענדיקע אָרט,
די שטענדיקע שעה.

אונטער מײַנע אַראָפּגעלאָזטע וויִעס
פֿאַרגייען אַלע זונען.
אין מײַנע פֿאַרוואַקסענע אויערן
ווערן שטום די געזאַנגען
פֿון אַלע וועלדער אין דער וועלט.
אַפּילו דעם גרויסן טײַך,
וואָס פֿלייצט אַריבער מײַן גוף,
הער איך נישט רוישן...

נאָר ווי אַ זויגלינג,
צו מוטער־לײַב —
טוליעט זיך מילד
מײַן שווײַגנדיק
וואָרט:
— טײַך,
אין־סופֿיקער טײַך,
איך האָב דיך ליב,
פֿלייץ מיך אַריבער!
און זע, אַ נס:
דער טײַך
איז לײַטזעליק
צו מיר.
ער פֿלייצט,

פלייצט
מיך
אַריבער...
דער גרויסער טײַך.

מאַרץ, 1971

## צום ערשטן איינס

א

אוי, חוה, אַלע פינגער מײַנע ווערן מיד,
זיי וועלן מער קיין מאָל איבער דײַנע גלידער הוליען.
נאָר צום טרויער וואָס ריזלט פון דײַן ליד,
וועל איך יאָ דעם טרויער מײַנעם טוליען.

ס'דאַרף דער ניגון מער קיין פידל און פלייט,
צײַט אַצינד פון פאַרשלאָסענע ליפּן.
איך וועל פירן דיך, חוה, שטילערהייט,
קריק צום קעניגרייך פון מײַנע ריפּן...

ב

אַלע טעג,
זינט ערשטן טאָג,
לויפן קריק דעם וועג
צום „ערשטן טאָג".

אַלע רייד,
זינט ערשטן זאָג,
לויפן אַהיים
צום „ערשטן זאָג".

ג

צאָלן
צאָלן
מילי
מיליאַסן
טוען אויס
די נולן

און וואַשן
אָפּ די עולן.
מילי
מיליאַסן
געזיכטער,
אָן אַ נאָמען,
קערן קריק אַהיים
צום ערשטן פּנים...

רײנער,
רײנער,
רײנס.
גרויסע צאָלן
ווערן גרויס ערשט,
בעת זיי קערן קריק
צום „ערשטן אײנס"...

אַפּריל, 1971

## צווישן וואָרט און וואָרט

א

צווישן וואָרט
און וואָרט
שווייַגט דאָס איבער־וואָרטיקע.

צווישן אָרט
און אָרט
לעבט דאָס איבער־אָרטיקע.

וואַך,
וואַך,
וואַרט אין מיר
דאָס וואַכיקע:

וואָסער פּנים
האָט דאָס פּנים?
„איבער־פּנים"?
וואָסער נאָמען
האָט דער נאָמען:
„איבער־נאָמען"?

ב

אוי, ווי כיטרע לויערט
מייַן קלוגער פּרוז,
נאָכן איבער־איבער־איבער־וואָרט
פון אוניווערס,
פון יענער איבער־קאָסמאָלאָגיע,
וועלכע ס'רופן די חכמים:
„פּאַראַפּסיכאָלאָגיע".

ג

איך רוף עס נישט אַזוי,
איך ציטער פאַר אָפּגעהילטן פּנים.
נאָר וואָס זאָל טאָן דאָס וואָרט,
וואָס איז באַשאַפן אָנצורופן זאַכן
בײַ זייער וואָרן נאָמען?

מיר דאַרפן דאָס וואָרט
צוריקשיקן צו גאָט
ער זאָל אים אָנטאָן דאָס ערשטע פּנים...

דערווײַל
וועלן מיר שווײַגנדיק
וואַרטן,
סבלנותדיק וואַרטן
איבערן פאַרשלאָסענעם ברונעם.

ד

אויסטערליש,
איך שעפּטשע:
„סבלנות
בײַם פאַרשלאָסענעם ברונעם",
און דערווײַל
גיס איך
ווערטער־וואַסער
אין פאַפּירענע בעכערס...
זײַט מוחל, ליבע מענטשן,
דעם נישט־געדולדיקן פּאָעט...

מײַ, 1971

## די מיל

פייער־טייך.
די מיל אין פלאַמען.
און דאָס מילראָד האָט אַ פּנים
ווי דאָס פּנים פון מיין מאַמען.

נאָר דער רחמים פון מאַמע־אויגן
פעלט אין מילראָדס פלאַמען־פּנים.
די נאַכט — אַ שוואַרצע חיה
רופט פון אָפּגרונט מיך ביים נאָמען.

בין איך עס צום מילראָד צוגענאָגלט,
צווישן פייער־כוואַליעס?
ווי פון דימענטן געשליפן שטייט דער מילנער
אין זיינע שטערנדיקע סאַליעס.

שריי איך: מילנער, גרויסער מילנער,
וואָס טוען דיינע מילן מאָלן?
לאַכט דער מילנער, גרויסער מילנער:
— גאָרנישט טוען מיינע מילן מאָלן.

— צו וואָס זשע רעדערן זיך רעדער
אין גייאָמער פון מעת־לעתן?
לאַכט ער: כּסדר רעדערן זיך רעדער...
צו וואָס?... איך האָב פאַרגעסן...

און ער לאַכט און לאַכט און לאַכט
צו דער שוואַרצער חיה נאַכט.
און זיין געלעכטער
טרייבט די רעדער פון דער מיל,

פײַער־רעדער, דולע פײַער־רעדער,
אין אַ דולן פײַער־שפּיל.

װײַן איך שטיל: גרױסער מילנער,
װאָלט מען מאָלן פֿון מײַן לײַב
פּײַער־ברױט פֿאַר פֿײַער־מענטשן,
װאָלט איך דײַנע מילן בענטשן...

לאַכט און לאַכט דער גרױסער מילנער:
— דאַרפֿסט אַן „אַרכיטעקט" אין הימל
מיט „רחמים", „פּלאַן" און „ציל",
און איך בין בלױז אַ מילנער
פֿון אַ הפקר־מיל...

— איז דאָס די װעלט, גרױסער מילנער?

ענטפֿערט נישט דער מילנער,
נאָר נעמט געשװינד
אין זײַנע פֿײַער־הענט
דעם פֿײַער־װינט,
און װאַרפֿט אים
װי אַ פֿײַער־שלאַנג
אױפֿן עץ־החיים,
װאָס שטײט אין ראַנד
בײַם ראַנד פֿון מיל־גערעדער.

און פֿון גערעדער
רעדערן אױס זיך נײַע רעדער,
און צו יעדן ראָד איז צוגעבונדן
אַ קינד, אַ טאַטע און אַ זײדע,
און אַלע זענען געשרײ און װײ און װונדן...

— אַזוי פיל ווינד און ווײ, גרויסער מילנער!!!

ענטפערט נישט דער מילנער
און ווי אַ מלך,
מאַיעסטעטיש־שטאָלץ,
שיט איבער אַלע ווונדן
פולע לאָגלען זאַלץ...

— פאַר וואָס טוט אַזוי דער גרויסער מילנער?

לאַכט דער מילנער:
כּדי ס׳זאָל זײַן
געפעפערטער, געזאַלצן,
ווילד און שאַרפער נאָך דאָס שפּיל...

— מאַמע, שרײַ איך — מאַמעשי,
איך האָב מורא אַליין אין מיל,
מורא פאַרן גרויסן מילנער...

יוני, 1971

## דער עונש

אויף שויבן, רויזן פון פראָסט
שמעקן ווי אורים און תומים.
אהרן הכּהן האָט זיי אין דער כאַטע געלאָזט,
בעת ער איז צום ברית פון בעל־שם געקומען...

איצט גאַפט דאָס קינד מיט פאַרשלאָסענע אויגן
און יעדעס גליד זײַנס טוט זען און הערן,
ווי מלאכים קלעטערן דורך פראָסטיקע שויבן
אויף לייטערס געפלאָכטן פון שמאַראַגדענע שטערן.

און ער גאַפט און ער זעט מיט פאַרשלאָסענע אויגן:
ערגעץ ווײַט איבער בערג און טאָלן, טײַכן און ימים,
אַ כאַטע ווי זײַנע, און מיט ליבשאַפט געבויגן
זיצט איבער אַ וויג אַ שטראַליקע מאַמע.

און אין וויג — אַ קינד, אַן אַכט־טאָגיקס, ווי ער,
גאַפט צו פראָסט־רויזן אויף נאַכטישע שויבן.
און אַלץ וואָס ער הערט, האָרכט אויך „יענעמס" געהער,
און אַלץ וואָס ער זעט, זעען אויך „יענעמס" פאַרשלאָסענע אויגן...

און ער פילט (ביידע דערפילן מיט אַ מאָל):
ס'האָט פון זעלביקן גאָלד זיי ביידן דער בורא באַשאַפן.
קוועלן ביידע, נעמען רעדן אָן אַ קול,
און ווי דאָס ליכט פון סנה שמעקן די טראַפּן...

ס'איז טראַף און געטריף, פאַרהוילן געברום,
גאַרונג וואָס האָט נאָך קיין נאָמען, קיין צורה.
און פונקט ווי ס'איז אין דוד דעם פאַסטעכס האַרצן אַמאָל
אויפגעגאַנגען די סאַמע ערשטע בענקשאַפט נאָך שירה,

האָט איצט איןביידע אַכט־טאָגיקע אַ פלייץ געטאָן אַ גאַרונג־געקוואַל
נאָך מיצוות און מעשׂים טובים...
די וויגן האָבן געוויגט זיך אין ווײַסן געשטראַל
און שׂרפים האָבן געקלעטערט דורך פּראָסטיקע שויבן.

און כאָטש איין וויג פון דער צווייטער, פאָלג־מיך־אַ־גאַנג,
ווײַט איבער בערג און טאָלן, איבער טײַכן און ימים,
האָבן ביידע אַכט־טאָגיקע געגעבן־זיך־די־האַנט:
— מיר וועלן, אם ירצה השם, נישט מצער־זײַן די מאַמע...

— נישט וויינען אַפילו ווען עס וועט ברענען די הויט,
מ׳עט שווײַגן, פאַרשווײַגן יסורים, נישט קלאָגן נישט וויינען,
מ׳עט ליגן אין וויגן און שמעקן צום ריח פון מיצווה,
און די מאַמע, ווי מלכּה־שבת, וועט לײַכטן און שײַנען...

אַזוי האָבן אַ נדר־געטאָן די אַכט־טאָגיקע קינדער
און צוויי און צוואָנציק טעג דעם נדר־געהאַלטן האָבן ביידע...
נאָר איין מאָל, האָט דער בעל־שם אין חלום דערזען
ווי אברהם פירט יצחקן צום בראַנד פון עקידה,
האָט דער דרײַסיק־טאָגיקער, פון רחמים, ווילד זיך צעיאָמערט,
און אויפגעוועקט די מוטער אין דערבײַיִקן חדר...
זי איז מיט צער צו דער וויג צו, זיך געבויגן פאַראומערט,
און דער בעל־שם האָט דערזען: דאָס בראָכוואַרג פון נדר.

— — — — — — — — — — — — — — — —

די דאָזיקע מעשׂה האָט דערציילט דער מגיד פון מעזריטש,
פאַר תלמידים, נאָך דער פטירה פון בעל־שם, זכותו יגן.
און ער האָט אײַנגעטונקען אין אָוונטגאָלד די הענט
און דממה־דקהדיק געטאָן אַזוי צו זאָגן:
— איטלעכע מיצווה האָט איר שׂכר,
און יעדע עבירה איר עונש...

די תּלמידים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ מיט צער,
און פאַרנאַכטיקן פּאָליש...

די שטילקייט האָט געטריפט
ווי ראָסע פון באַלקן.
דערנאָך האָט דער מגיד
די שטילקייט געשפּאָלטן:

— יענער וואָס האָט דעם נדר געהאַלטן,
האָט זײַן שׂכר געקראָגן:
ער איז געבליבן אַ נסתּר,
כּל ימי חייו וואַסער געטראָגן...
און דער בעל־שם, וואָס צוליב רחמים צו יצחקן
איז ניכשל־געוואָרן,
האָט זײַן עונש געקראָגן:
ער האָט שפּעטער מיט יאָרן,
פון אַ ליים־גרעבער, און געבערג,
געטאָן קריק קיין קיטעוו זיך קערן
און דאָרט, פאַר כּל עם ועדה,
געמוזט נתגלה־ווערן...

יולי, 1971

## דײַן קלײנע טרער

אַלע משוגענע װעלף
לויערן מיט נאַקעטע ציין
אויף מײַן קלײנעם גוף,
װאָס קניט בײַם געזאַנג־טײַך
מיט תּפֿילה צו ליבשאַפֿט.

אַלע רויב־פֿײגל
שאַרפֿן די שנאָבלען
בײַ די פֿינצטערע פֿעלדזן,
אין טיף־נאַכט,
דערנאָך לויערן זײ
אויף מײַן קלײנעם גוף,
װאָס קניט בײַם געזאַנג־טײַך
מיט תּפֿילה צו ליבשאַפֿט.

נײַערט דאָס געזאַנג
איז מײַן פּאַנצער,
און די פֿלינקײט אין מײַן טראָט
איז דאָס בשׂמים־הדסל
פֿון שירה...
און איך הײב זיך אויף
און אַנטרין
פֿון אַלע פֿאַרציקער...

נאָר פֿון דער קלײנער
טרער אין דײַן אויג,
װאָס פּרוּװסט באַהאַלטן פֿון מיר,
איז נישט פֿאַראַן קײן אַנטרינונג.
דער געזאַנג־טײַך
טריקנט אויס

אין זײַן קוואַל־בעט,
און צו דער ליבשאַפט,
וואָס קען נישט
אויסווישן די קליינע
טרער אין דײַן אויג,
וועל איך מער קיין מאָל
נישט קניִען...

איך וויל זײַן
די שיף
צעשלאָגן פון פעלדזן,
וואָס גייט אונטער
איינע אַליין
אין ים
פון דײַן טרער.

אוי, דײַן
טרער,
וואָס דו
באַהאַלטסט
פון מיר,
כּדי
מײַן האַרץ
זאָל נישט
וויינען...

סעפטעמבער, 1971

## איין און דער זעלבער?

ווּהין און צו וואָס
פליסט דער טײַך
אין מײַן חלום?

פון ביידע זײַטן טײַך —
ברעגעס פאַרקנסטע
מיט טיף־נאַכט.
נאָר אין פינצטערניש
פּאַספּאָרט, ווי הויט פון אַ מת,
עפּעס... קודם ווייס איך נישט
וואָס... נאָר נאָך עטלעכע רגעס,
דערזע איך אויף נאַכטישע ברעגעס
צוויי גופים... ווי אַ בילד
און זײַן שפּיגל־בילד,
דאָס זעלביקע צווילינג־בילד
פון אליהו הנביא...
אויף איין ברעג
ליגט דער נביא
אין ווילד־וואַלד
פון פײַער־שווערדן,
און צווישן שווערדן —
די געקעפּטע נביאי השקר,
און פון אליהו־אויגן
ברענט און ווערט
נישט פאַרברענט
דער סנה
פון שׂינאה...
און אויפן צווייטן ברעג —
דער זעלביקער אליהו
און לעבן אים אַן איין־איינציקע

טרער פון אַ קינד,
וואָס פאַרלוירן האָט דעם עפּל
פון דער פאָן
שימחת תורה...
און דער נביא זוכט דעם עפּל,
און זײַנע זוכנדיקע פינגער
זענען גרויס
און מילד
ווי דער רחמים
פון אַ גאַנצער וועלט
מאַמעס...

דער טײַך פליסט
ווי אַלע טײַכן,
באַרג־אַראָפּ,
באַרג־אַראָפּ
צום ים...

פאַר וואָס פליסן
אַלע טײַכן
שטענדיק
באַרג־אַראָפּ
צום ים?

איך ווייס נישט...
און סע ווייסט מײַן האַרץ
אויך נישט,
ווי אַזוי ביידע
נביאים
זענען איין
און דער זעלביקער
אליהו הנביא...

טיף־נאַכט
דעקט אײַן מיך
מיט טויט־מאַנטל
פון שווײַגן.
אַ שווײַגן אַזאַ,
וואָס איז טיפער
ווי טיף־נאַכט
אין קבר.

אָקטאָבער, 1971

## איך האָב געטראַכט

ייִנגלווײַז פלעג איך טראַכטן,
אַז קומען וועט די צײַט פון זיקנה,
וועל איך ווערן ווי די אויסגעשטערנטקייט,
אַ שטראַלן־פּריסטער אין איינזאַמע טעמפּלען,
צו וועלכע קיין שליסלען זענען נישט פאַראַנען,
ווײַל סײַ ווי סײַ וועט קיינער
נישט קומען אַהער צום גרויסן שבת...

הײַנט זיץ איך אונטערן צעצווײַגטן
פײַגנבוים, פאַר מײַן הויז:
ניין, איך בין קיין אויסגעשטערנטקייט נישט געוואָרן...
אין די בעסטע רגעס בין איך אַן אַלטע קאַץ,
וואָס רוט אין גאָלד פון אַ פאַרנאַכטיקער זון,
וואָס איז מיד און האָט נישט קיין כּוח
צו פאַרגיין... מײַנע פּיס זענען נישט
קיין שטערן־רעדער, נײַערט
זײַלן פון אַ חרובן טעמפּל,
אין וועלכן אַן אַלטער פּריסטער
דרימלט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ
ווי אַ ווערבע איבער אַ פאַרפרוירענעם טײַך...

מײַנע הענט זוכן אין אַלטע בלעטער
גאָטס נאָמען... ווי אַזוי האָט ער
געהייסן „גאָט"?... אַמאָל האָט ער
געוווינט אין אַלע וואַסערן,
אין אַלע ביימער און גראָזן.
הײַנט זענען אַלע זאַכן ליידיק
ווי פרוכטן פון וועלכע די זאַפטן
זענען אויסגערונען... און איך,

איך בין די פאַרדאַרטע שאָלעכץ,
אָפּגעשיילט פון פרוכטן־לײַב,
אָפּגעשיילט און אַרויסגעוואָרפן
פאַר קיינעם נישט... מײַנע פינגער
הייבן אויף אַ שמעטערלינג,
איך וויל אים זאָגן עפּעס,
נאָר ער... ער געדענקט מיך נישט...
קיינער געדענקט מיך נישט, קיינער, קיינער.
איינער בלויז, איין־און־איינציק־איינער
איז מיר היימיש, ער גייט מיר נאָך
טראָט נאָך טראָט, ער וואַקסט אין מיר,
ער איז די איינציקע פרוכט וואָס צײַטיקט
אין מיר... אַז ער וועט צעבלעטערן,
וועט דאָס שוואַרצע געבלעטער
מיך אײַנהילן אין זײַן ריח,
וואָס שמעקט מיט ערד און פינצטערניש,
אַ פינצטערניש וואָס איז עלטער
ווי די אויסגעשטערנטקייט.

איך וויל קושן די אייביקייט,
נאָר זי האָט נישט קיין גוף
און קיין פנים.

די אין־סופיקע אָנפּנימדיקייט
בייגט זיך איבער מיר.
אַ ווײַלע גאַפּן מיר
איינס אויפן צווייטן,
נאָר מיר זעען און הערן
גאָרנישט נישט.
טיף־טיף־טיף כליפּעט אין מיר:
„ווער בין איך, ווער?"

און די אָנפּנימדיקייט
ענטפערט אָנקוליק:
„ביסט אַ ברכה לבטלה״.

נאָוועמבער, 1971

## טרייסט־רייד

אַלע טרייסט־רייד
בלײַבן שטיין
ווי צעצוויטעטע כּלות
אויף שטראַלן־שטאַפּלען,
אַנטקעגן שוואַרצע חתנים
מיט טויטע אַפּלען...

די בלינדע לאָזן אַראָפּ די קעפּ
און טאַפּן די שליאַכן
מיט קרומע שטעקנס,
און לאָזן זיך אין וועג.

צו וואָס און וווּהין
גייען די בלינדע חתנים?
ערגעץ, ערגעץ זענען פּאַראַנען
וואָקזאַלן און דאָרטן וואַרטן באַנען,
און דערנעבן צעבראָכענע שיפן.
אַן אַלטער שיפער ווײנט אין די טיפן,
זוכט דעם רודער אין מיטן ימים.
ער האָט פאַרגעסן: ווו איז דער רודער פאַראַנען...
און די צעצוויטעטע כּלות
כליפּען פון פאַרשעמטקייט.
און די בלינדע חתנים,
אין דערשראָקענער אַליינקייט,
ווילן זיך דערמאָנען אין עפּעס...
נאָר אַלע טויערן פאַרריגלט
אין טומאַניקן שלאָס.
קיינער ווייסט נישט
די וואָג און די מאָס

פון ווײ און פֿאַרשעמטקייט:
ווער איז עלנטער —
די בלינדע חתנים
צי די צעצוויטעטע כלות?...
די פֿינצטערניש טאַנצט
ווי אַן עובר־בטלניצע
מיט געפֿלאָכטענע חלות,
זי איז געקומען צו דער חופּה,
נאָר קיין חופּה וועט נישט זײַן...

די טרייסט־רייד, די צעצוויטעטע כלות
טוען אויס די חופּה־קליידער
און לייגן זיך צווישן די טויטע שוואַנען
אין לבנהקן שניי...
און די בלינדע חתנים שפּרײַזן ווײַטער
צו די באַנען וואָס וואַרטן אויף זיי...
נאָר זיי געדענקען נישט מער
אין טומאַניקן זאַווײ,
צו וואָס און ווּהין
זיי דאַרפֿן פֿאָרן...

און איך... איך שפּאַן מיט זיי
צווישן דערשראָקענע וועלדער און שטערן,
און אין מײַן ציטערדיקער האַנט
מײַן עלטער־עלטער־זיידנס לאַמטערן,
אין וועלכן דאָס לעצטע ליכט
איז פֿאַרלאָשן...
נאָר אין פֿאַרפֿרוירענעם טײַך
פֿון מײַן לשון
טאַנצט די פֿינצטערניש
ווי אַן עובר־בטלניצע

מיט געפלאָכטענע חלות,
אַנטקעגן די טויטע כּלות...
זי טאַנצט, כאָטש קיין חתונה
וועט נישט זײַן...

דעצעמבער, 1971

## אור־אייביקע וואַרטעניש

א

טויזנט נעכט
האָב איך געוואַרט
צופוסנס דײַן בעט.

אויסטערליש! אַן איין־איינציק בעט
זאָל זײַן גרויס ווי אַ וועלט,
וואָס אָטעמט אין דמיון פון בורא!

דײַן ייִנגסטער פינגער
רירט אָן דעם שטערנבער
מיט אַ מילדקייט אַזאַ,
ווי געווען דו וואָלסט
די אור־מאַמע פון אַלע מאַמעס.

נאָר דײַן גוף האָט געשמעקט
מיט כלה־לײַב אין חופה־נאַכט.

איך האָב געוווּסט:
וואָלט איך מײַנע הענט אויסגעשטרעקט,
וואָלט דײַן שטערן־לײַב
געוואָרן מײַן האָב און גוטס,
נאָר איך האָב פאַרביטן דעם תענוג
פון חתן אויף דער פרייד
פון קענען־וואַרטן,
אייביק־אייביק־וואַרטן.

אַלע גערטנער זענען צײַטיק,
אַלע שטערן האָבן ווי קנאָספּן

צעקנאָספּנט מיט ליכט,
און אַלע הויזן אין דיר.

און דו... דו... דו...
דו ביסט אין גאַנצן מייַן,
און איך... איך בין די אייביקע,
די אור־אייביקע וואַרטעניש.

ב
אין טיף־נאַכט
פֿאַרנעם איך דייַן קול,
וואָס איז שטילער
ווי דימענטן
צעבליטע אין שניי.

דו רופסט מיך,
און איך ענטפער
מיט אַ שטילקייט,
וואָס איז שטילער
פֿון גאָטס אָטעם,
ערב וועלט־באַשאַף.

ניין, איך וועל נישט
אָנרירן דעם כאַאָס.
דייַן בעט איז כאַאָס
און דו... דו ביסט
גאָטס חלום.
נאָר דאָס מאָל
וועט גאָט נישט
איבערחזרן דעם טעות
פֿון נאָך אַ מאָל פֿאַרבייַטן
חלום אויף וואָר...

ג

טויזנט נעכט
האָב איך געוואַרט
בײַ דײַן בעט.

איך... איך בין דער אור־חלום,
וואָס געקרוינט איז מיטן כּוח:
קיין מאָל, קיין מאָל נישט
אויסצובײַטן דעם אור־אור־חזון
אויף פֿאַלש־גאָלד פֿון וואָר...

יאַנואַר, 1972

## אַ חלום צווישן בערג

א

די גאָרילע מיט צילינדער און פראַק
טוט אָן הענטשקעס פון ווײַסן בראָקאַט,
נעמט די פעט־רויטע האַק
און לאָזט זיך צום וועלטמאַרק קייניגן.

איך... איך וועל נישט לאָזן זיך אונטערטעניקן
פון איר האָריקן בויך און עלעקטראָנישן מוח.
איך וואַרף זיך אַרײַן אין זינגענדיקן „גאָרנישט״
ווי אַ שטערן, יונג און פלינק און פריילעך.
איך בין אַליין איצטער מלך,
שני־למלך בײַ די היפּיס.
נאָר שווער איז געוואָרן מיר די קרוין,
בין איך אַוועק צו דער אור־קלוגער שטילעניש,
צו ווערן אַ סאָלאָוויי אויף אַן איינזאַמען בוים.

נאָר אויך אַליינקייט האָב איך נישט געקענט דערטראָגן,
האָב איך גענומען יאָגן ווי אַ ווילדער לעמפּערט
דורך ברענענדיקע וועלדער.
איך האָב געוואָגלט דורך קרוינשטעט און לענדער,
ביז איך האָב צו ירושלימס געבערג דערקלעטערט.
געטראַכט האָב איך: דאָ האָבן אַזוי פיל געטער געגעטערט,
אפשר וועל איך אויך געפינען אַ קרישקע גאָט,
אַ זערנע אויסדערוויילטע שעה.
נאָר ווי אַזוי האָב איך געקענט עפּעס געפינען,
אַז איך אַליין בין אין ערגעץ נישטאָ...

ב

לאַנג־לאַנג־לאַנג
קרײַזט דער לוויה־גאַנג,

פון זונאויפגאַנג
צו זונפאַרגאַנג.
ערשט בעת מען האָט דעם אָרון
פון קלוגער נאַכט
פאַרן נאַרישן בר־מינן־טאָג
צום ים־ברעג געבראַכט,
האָב איך געלייגט זיך שלאָפן
אויף אַלטע פישערנעצן.
אַ גאַנצע נאַכט איז אַ מאַסקנבאַל
אין אַל... עס בלאָנדזשען הינקענדיקע געצן
פון פלאַנעטן צו פלאַנעטן.
און עס כליפּען אויף צעבראָכענע קלאַרנעטן
פון תהום טויזנט־יאָריקע פּאָעטן:
— אוי, אַ פאַרלוירענער דור!

לאַכט דער טאַנצנדיקער לצים־כאָר:
— יעדער דור איז אַ פאַרלוירענער דור.

שפּרינג איך אַרײַן אין פײַערראָד,
צווישן קאָסמישע קאַרליקעס
מיט פאַרלאָשענע קרוינען,
און רעדער זיך אַרײַן אין גערעדער
פון דולע לצים.
איך אַליין בין דער הויפנאַר
בײַם מלך אומזין דעם עלף הונדערטסטן,
וואָס קיניגט זינט דעם מיליאַרדסטן יאָרהונדערט
נאָך דער מיסגעבורט.

ג

ווידער אַ טאָג. מיט וועמען זאָל איך זיך חברן?
די נאַרישע גאָרילעס
טאַנצן אין זאָאָלאָגישן גאָרטן,

דערנאָך נעמען זיי שפּילן אין קאָרטן
מיט די שטערן אין דער אָזערע.

איך האָב געוויינט און געקושט
די לבנה וואָס איז געקומען שלאָפן
אין געבלעטער פון אַ יונגער רויז.
דערנאָך האָב איך געזאָגט:
— טרויעריק איז אין מײַן הויז
און פינצטער איז אין מיר.
גאָט איז נישטאָ.
נאָר עס מאַכט נישט אויס,
מיר וועלן זיך חברן אַ קאַפּעלע,
איך און די לבנה און דער רויז
און גאָט...
אַלע דרײַ זענען נישטאָ.
אוי, זאָל דאָס נישטאָיקע
אַ קאַפּעלע
זיך האַלדזון.

ד
מיטוואָך האָט דאָס געזיכט
פון עפּעס וואָס איך האָב
פון לאַנג־לאַנג
שוין פאַרגעסן.
מיט אַ מאָל קלאַפּט עס אומגעריכט,
קומט אַרײַן און טוט זיך זעצן
אָן אַ וואָרט, נאָר זײַן שווײַגן איז ליכט,
אָוונטליכט אונטער אַ וואָלקן.

מײַן הויז האָט נישט קיין דאַך און קיין באַלקן,
קלעטערט דער הימל און דאָס געשטערן

אַרײַן און אַרויס, ווי בײַ זיך אין דער היים.
באָרד און שטערן־טיכל פון מײַנע טויטע טאַטע־מאַמע
דערלאַנגען שוואַרץ ברויט מיט רויטן ווײַן.

מיר ברעכן דאָס ברויט און שווײַגן,
מיר זופן דעם ווײַן און שווײַגן,
נאָר דאָס שווײַגן איז פול מיט גאַרונג
נאָך וואָרט.
וואָסער וואָרט
איז דאָס דאָזיקע וואָרט?
מיר גאַפן איינער צום צווייטן,
שווײַגן, און נעמען אַרויס ערדענע פלייטן.
נאָר אויך דעם ניגון האָבן מיר פאַרגעסן.
דער גאָלדענער ווײַן איז שוין אויסגעזופט,
דאָס שוואַרצע ברויט אויפגעגעסן.
ווילן מיר בענטשן,
געדענקט נישט קיינער מער
ווי אַזוי מען בענטשט.
ווערט דאָס שווײַגן
געדיכטער, טיפער.
אויפן שוואַרצן טײַך
וואַרט דער אַלטער שיפער.
ער וויל אונדז אַריבערפירן
צו יענער־זײַט־ברעג.

— ווו איז יענע־זײַט־ברעג?
דער אַלטער שיפער האָט פאַרגעסן.
ווײנט ער ווי אַ זויגלינג.
גלעט איך זײַן קאָפּ
און זינג, זינג, זינג:
ליו־ליו־ליו־ליו.
יענע־זײַט־ברעג

איז אין ערגעץ נישטאָ.
ווײַנען מײַנע טויטע טאַטע־מאַמע
און דאָס איז דער העפּי־ענד
פון דער מיטוואָכדיקער מעלאָדראַמע.

ה

דאָנערשטיק: מײַן האַרץ גאַרט נאָכן עפּלבוים
און נאָך דער שלאַנג
און נאָך יענעם טרויעריקן זונפאַרגאַנג,
בעת גאָט האָט מיך פאַרטריבן פון גן־עדן.
נאָר איך בין אים מוחל, גאָט, ווײַל ער איז איינזאַם ווי איך
און ס'איז אַזאַ רחמנות אויף אונדז ביידן.

אַפּראָפּאָ. אויף מיר איז רחמנות מערער:
איך האָב דערפילט הײַנט אַזאַ געוויין אין אינגעווייד ן,
האָב איך זיך פאַרדונגען פאַר אַ גאַסן־קערער.
דערנאָך האָב איך געקויפט פּיטעס און מאַראַנצן
און געשטעלט זיך אין מיטן לונאַפּאַרק טאַנצן
מיט דער רויטער מערי. זי איז געקומען אַהער
פון די פאַראייניקטע שטאַטן
צו זוכן צווישן קלויזן, קלויסטערס און מעטשעטן
דעם הימלישן טאַטן,
נאָר געפונען האָט זי מיך...
זי און איך...
ביז ווען און וואָס,
האָבן מיר גענעכטיקט אַ גאַנצע נאַכט
אין לבנה־גרינעם גראָז.
אַ שפּיל אַזאַ פון אָדם און חוה,
אַ קאַפּל בענקשאַפט און אַ קאַפּל תאווה.

איך האָב דערפילט אויף זיך די פעל
פון אָראַנג־אוטאַנג.

— מערי, זאָג איך,
סע שמעקט מיט דזשונגל און מיט ים,
מיט פלייש און בלוט און וואַר.
זי האָט מיך געוויקלט אין אירע רויטע האָר
און גוט איז געווען מיר אַ פולע שעה,
כאָטש גאָט איז נישטאָ.
און די וועלט... איך וויל נישט
טראַכטן פון דער וועלט אַצינדער.
ס'איז נאַכט און די נאַכט איז אַ וויג
וואָס פאַרוויגט אונדז ביידן ווי קינדער.

ו

פרײַטיק האָט אַ פנים פון אַ לץ.
ער שטעלט אַרויס אַ רויטע, לאַנגע צונג
צו מערין און צו מיר. דער געץ
וואָס האָט געוויגט, ווי אַ מאַמע,
די וויג אַ גאַנצע נאַכט, איז מסתמא
אויך נישטאָ דאָ מערער.
איך בין הונגעריק, מערי אויך,
איך וועל פאַרדינגען זיך פאַר אַ גאַסן־קערער.

שבת וועלן מיר נעכטיקן אין מאה־שערים, ביידע.
איך וועל זיך אײַנוויקלען אין אַ טלית,
ווי מײַן עלטער־עלטער־זיידע,
ר' פנחסל, דער שמש פון סטרי.
אויף אַ גאַנצן שבת וועלן מיר אַוועק
פון הי צו נישט־הי
און פרווון פאַרגעסן אַז גאָט איז נישטאָ.
— מערי, זאָג איך, ער איז דאָ, דאָ, דאָ...
— אַוודאי, ענטפערט מערי, דאָ, דאָ, דאָ...
און זי פאַרוויקלט די רויטע קאָלטענעס

מיט אַ טערקישער פּאַטשיילע.
זי האָט אַ פּנים ווי איר עלטער־עלטער־באָבע,
די גבאיטע שׂרה־רבקה־ביילע
פון גרויס־קאַלאַמיי.

איצט זענען מיר גוטע ייִדישע קינדער צוויי,
מיר האָפּסלען פרום אַנטקעגן דער מלכּה־שבת
צווישן די גאָטפּאָרכטיקע מאה־שערים־מויערן.
נאָר מיט אַ מאָל עפענען זיך אין דער נאַכט
פּעט־שוואַרצע טויערן,
און אויף שוואַרצע עלעפאַנטן
קומען צו רײַטן
פון אַלע נאָענטן און ווײַטן
קאַרליקעס און לצים,
האָרבאַטע פּאַרזעעניש
און האָקוס־פּאָקוס־פּאַרשוינען
און שטופּן אַרויס די מלכּה־שבת
מיט האָריקע לאַפּעס.
— מערי, זאָג איך, האָרך,
עס וויינט די מלכּה־שבת...
— ניין, זאָגט מערי, נישט די מלכּה־שבת וויינט,
די פּוסטקייט אין אונדז וויינט,
די פּוסטקייט פון אַ פאַרלוירענעם דור.
איך לאַך: יעדער דור
איז אַ פאַרלוירענער דור,
זינט דאָס קלוגע ליים
האָט דעם נאַרישן אָדמען געבוירן.

איצט זיץ איך ווידער אַליין אין לונאַפּאַרק
און פיל אויף מײַן קאַלטן קאַרק
די הייסע לאַפּעס פון אָראַנג־אוטאַנג.

מיך דראָזשעט... אפשר אַנטלויפן צום ים
און זיך אַרײַנוואַרפן אין זײַנע כוואַליעס?
אויפן ים־דנאָ וווינט אין מושלענע סאַליעס
דער ים־מלך „גאָרנישט דער מיליאָנסטער".
ער וועט מיך קושן מיט דער שופּענער ליפּ,
דער שלײַמיק באַוואָנצטער.
איך שרײַ פון חלום...
די ים־מלכּה שפּרעכט מיר אָפּ אַן עין־הרע,
איצט ליג איך צווישן אַלע רויגן
אין דער פישישער נאָרע.
ס'איז מיר גוט, איך שלאָף אײַן צווישן
גרינע ים־זשאַבעס.
און אין שלאָף געדענק איך:
געוואָלט פאָרן קיין ירושלים אויף שבת,
זײַן אין מאה־שערים, דאַוועגען,
ווי מײַן עלטער־זיידע ר' פּנחסל פון סטרי.
איצט בין איך נישט דאָרט, נישט־הי,
ווו דען בין איך?
איך?
איך בין „אין ערגעץ נישטאָ".
איך פּרווו שרײַען, נאָר פיש זענען שטום.
זינק איך, זינק אין בלאָטיקן שווײַגן
וואָס איז טעמפּ ווי דער ים־מלכּהס פישענע אויגן.

ז

— מערי, מערי!
רופט פון ים־גרונט מײַן קול.
מערי שווימט אין הימל,
אויפן לבנה־גאָנדאָל.
אירע האָר זענען איצט
טרויעריק־וויאָלעט

און קרײַזלען זיך העט־העט
ביזן גרינעם כוואַליע־בעט
פון גרויסן ים.
— מערי, רוף איך, מערי, איך האָב דיך ליב,
ליב אַזוי טיף־טיף־טיף.
מערי איז ווײַט פון מיר,
וועל איך שרײַבן איר אַ ליבעבריוו.
האָב איך קיין פּאַרמעט נישט,
אויך קיין פּענע איז נישט פאַראַן.
שרײַב איך מיט נאַקעטער האַנט
אויפן נאַקעטן ים:
— מערי, טײַערע, ווער בין איך?
אָט דער „איך"... „איך"... „איך"...
זע, מערי, ווי עס טייעט אָן פון זיך
דער עלעקטראָנישער האָמאָ־סאַפּיענס,
אָט דער נאַר פון אַלע נאַרן.
ער טראַכט: מענטשהייט איז אַ מין אָמניבוס
וואָס מען קען שאָפירן דורך הו־האַען און ווירוואַרן,
דורך אַלע לונאַפּאַרקן און חוזק־מאַרקן.
וווּ אַהין וויל ער שאָפירן אונדז, דער עלעקטראָנישער האָמאָ־סאַפּיענס?
און צי איז די מענטשהייט דען אַן אָמניבוס?

מערי שטוינט: וואָס דען איז זי,
איר מאַיעסטעט די מענטשהייט?

— אַזאַ גיגאַנטישער געקנויל, מערי,
אַ געקנויל פון מיליאַרדן שטיקער
יאָמערדיקע פליישן, אַרײַנגעשלײַדערטע
אין ברענענדיקן צירק פאַר משוגענע וועלף.
נישט פאַראַן קיין שולדיקע, מערי.
אַפילו וועלף זענען בעל־כּורחם וועלף
און צירק מוז זײַן אייביק צירק.

עפנט מערי גרויס די אויגן: סאַראַ האָקוס־פּאָקוס
ס'איז דײַן תורה,
היפּי, היפּי, איך האָב מורא...

מערי וויינט.
— מערי, זאָג איך,
ביסט די איין־און־איינציקע
וואָס פאַרמאָגט אַ טראָפּ רחמנות.

ח

ווידער בלאָנדזשע איך, אַן אײַנגעקרײַזטער
אין ירושלימס נאַכטיקע בערג.
די שטילקייט וויינט: דער מײַסטער
צעבראָכן אַליין האָט זײַן ווערק.
— מערי, זאָג איך, איך בין אַליין דאָס ווערק
און אַליין דער מײַסטער.
אַלץ אין מיר גאַרט חרוב ווערן
און דורך חורבן ווערן אַ דערלייזטער.

אין מעריס אויגן דימענט אַ טרער:
— ווער? זאָגט זי, ווער ביסטו, ווער?
— דער אומזין, מערי, וואָס גאַרט נאָך זין,
די שפּין, וואָס וויל אַרויס פון איר אייגן געשפּין.
דער שטערן אין ים, וואָס ציטערט ווילד
און פילט: ער איז בלויז דאָס שפּיגלבילד
פון עמעצנס ווײַטן פאַרהוילענעם פּנים.
איך בין חלום וואָס געדענקט נישט זײַן נאָמען.
איך בין אי לײדיקער טעמפּל, אי פאַרגעסענער קרבן
וואָס ווייס נישט פאַר וועלכן גאָט מען האָט געבראַכט אים דאָ שטאַרבן...

1972

## קאָשמאַרן

מיר זיצן אויף הסב־בעטן
אין שפּיטאָלישער טיף־נאַכט.
מיר זענען מתים, וואָס פּילן נאָך און טראַכטן,
און אפשר זענען מיר זשאַבעס און קרוליקעס
אין אַ שוואַרצן סלאָי אַ פאַרמאַכטן?
די ווײַסע מלאכי חבלה מיט מעסערס און פּינצעטן
דריבלען אין אונדזערע וויינענדיקע פליישן.
די פינצטערניש איז דאָ שוואַרץ און האַריק ווי די פעלן
פון מאַלפּעס. די נאַכט איז אַ חיה,
וואָס בלאָנדזשעט אין אין־סוף:
„פאַר וואָס איז קיין גאָט נישט פאַראַן?"
דאָ קיניגט די שאַנד פון מענטשלעכן גוף.
דאָס אַמאָליקע ייִנגעלע פון גינגאָלד
ליגט צעלייגט ווי סחורה אין קראָם:
אָט זענען פינגער און פיס,
אַ שטיקל מילץ און לעבער...
אַמאָל האָט עס צונויפגעוועבט דער גרויסער וועבער,
איצט צענעמט מען עס ווידער אויף טויזנט יאָמערדיקע פעדעם.
די פינצטערניש און שטילקייט נעמען זיך פאַר די אייטערדיקע הענט
און עס שווינדלט אַ קאַראַהאָד פון שדים.
הײַנט איז די גרויסע פסח־נאַכט,
מיר זיצן אויף הסב־בעטן.
מען צעעפנט אונדזערע גופים מיט צאַרטע פּינצעטן,
און פון אונדזער בלוט וועט מען מאַכן מצות
פאַרן גרויסן סדר, וואָס האָט נישט קיין סדר...
אליהוס כּוס איז פול ביזן ראַנד מיט בלוט.
די מלאכי חבלה זענען נישט קיין רשעים,
די פרינצן פון דער וויסנשאַפט זענען זיי.
מיר פרווון עפּעס זאָגן, נאָר פאַלן אַרײַן אין שוואַרצע שליטנס,

וואָס יאָגן איבער שוואַרצן שניי.
מיר זענען די געוועזענע מענטשן־קינדער
און היינט... אוי, ווי לאַנג, אומענדלעך לאַנג
עס קען בלאָנדזשען אַן איינציקער היינט...
נעמט צו פון אונדז דאָס ערב־שטאַרבן
און שענקט אונדז דאָס גרויסע גנאָד פון נישט־זיין.
נעמט אונדז אַראָפּ פון די הסב־בעטן
און לייגט אונדז אין די גוטע קברים אַריין,
דאָרט וועלן מיר ווידער ווערן מענטשן,
טויטע מענטשן, אָבער מענטשן...
די איינציקע גנאָד אין אַן אומגנאָדיקער וועלט
איז דער טויט... מיר שטרעקן צו אים די אָרעמס,
ווי הונגעריקע נאָך ברויט און בענטשן
זיין טעם און ריח... נעמט אונדז אַראָפּ פון די הסב־בעטן
און ענטפערט אונדז איבער אין די גוטע הענט
פון דער קילער ערד... אוי גוואַלד,
מיר ווילן רוען...

לעצט ליד, אין שפּיטאָל — יולי, 1972

# אינהאַלט:

## דערשינענע ביכער פון יעקב פרידמאַן

**אויסגעשטרעקטע הענט**
דראַמאַטישע פּאָעמע, וואַרשע, 1932

**אָ ד ם**
פּאָעמע, טשערנאָוויץ, 1935

**ש ב ת**
לידער און פּאָעמעס, טשערנאָוויץ, 1939

**פּאַסטעכער אין ישׂראל**
לידער און פּאָעמעס, תל־אביב, 1953

**די לעגענדע נח גרין**
לידער און פּאָעמעס, ניו־יאָרק, 1960

**נ פ י ל י ם**
דראַמאַטישע פּאָעמע, תל־אביב, 1963

**ל י ב ש אַ פ ט**
לידער און פּאָעמעס, תל־אביב, 1967

**צום ערשטן איינס**
לידער און פּאָעמעס, תל־אביב, 1974